מיניאַטור־ביבליאָטעק 1

אברהם ווײַץ

# דער קאַרשנבוים

נאָוועלן

תשכ״א פאַריז 1961

אלוו. יידישער קולטור־קאָנגרעס אין פראַנקרייך

**Abram WAIC :« Der Karchen-boïm » («Le Cerisier») Nouvelles.**

אַבֿרהם ווייץ — דער קאַרשנבוים —
נאָוועלן — דערשינען אין דער „מיניאַ־
טור־ביבליאָטעק“ פון קולטור־קאָנגרעס
אין פראַנקרייך — נר. 1 פּאַריז, 1961

**« COULTOURE CONGRESS »**
**36, rue Amelot — PARIS (11e)**

# פון די אַרויסגעבער

יר קומען מיט דעם נומער 1 פון **דער** „מיניאַטור־ביבליאָטעק“ — זעקס נאָוועלן פון אברהם ווייץ.

דאָס איז דער אָנהויב פון אַ סעריע, וואָס וועט ברענגען די שאַפונגען פון די יידישע שרייבער, תושבים פון פראַנקרייך.

דאָס צווייטע ביכל — אַ גרעסערע דערציילונג פון מנוחה ראַם — ווערט שוין געזעצט און וועט דערשיינען אין דער נאָענטסטער צייט.

מיר מאַכן זיך קלאָר, וועלכע פאַראַנטוואָרטלעכקייט מיר נעמען אויף זיך מיט דער אָרגאַניזירונג פון דער „מיניאַטור־ביבליאָטעק“. דאָס ווערט געטון מיט דעם פולן באַוווסטזיין און אחריות פאַר דער זאַך.

אין אונדער ישוב לעבט אַ בכבודיקע שרייבער־גרופע, וועלכע איז שעפעריש אַקטיוו. זי קומט אָבער ווייניק צום אויסדרוק, צוליב די שוועריקייטן אַרויסצוגעבן אַ בוך.

די פראָדוקציע פון יידישע ביכער אין דער וועלט גייט לרוב אויפן חשבון פון שרייבער גופא· אַזוי אויך איז מיט דער פאַרשפּרייטונג· אין רעזולטאַט דערפון איז געשאַפן געוואָרן אַ סיטואַציע, וואָס מאַכט שווער דעם שעפערישן מענטש, וועלכער האָט נישט קיין מאַטעריעלע מעגלעכ־קייטן, אָדער איז נישט דיספּאָנירט צו זיין אַ „פאַרשפּרייטער" — אַז זיי־נע שאַפונגען זאָלן קענען אַריינגענומען ווערן אין די ראָמען פון אַ בוך·

מיט דער „מיניאַטור־ביבליאָטעק" ווילן מיר געבן די סאַטיספאַקציע אונדזער שעפערישן קרייז אין פראַנקרייך, זיך אָפּטער צו קענען פּרעזענ־טירן פאַרן יידישן לייענער·

מיט דער „מיניאַטור־ביבליאָטעק" ווילן מיר סטימולירן אונדזערע שריי־בער צו נייע שאַפונגען, וועלכע זאָלן אויך אָפּשפּיגלען אונדזער ישוב·

באַשיידן זענען דערווייל די פּלענער· פאַרן יאָר 1961 דאַרפן דערשיינען זעקס ביכלעך· יעדעס, מינימום — 64 זייטן, מאַקסימום — 80 זייטן אַ חוץ דער הילע·

מיר האָפן, אַז די גרויסע מאַסע יידן פון אונדזער ישוב, ווי פון אַנדערע ישובים, וועלכע זענען נאָך טיף פאַרבונדן מיט דער יידישער קולטור, וועלן אויף אַלע אופנים צוהעלפן, אַז די איניציאַטיוו זאָל האָבן דעם גרעסטן דערפאָלג·

יחידים, ווי די אָרגאַניזירטע געזעלשאַפטלעכקייט, וועלן זיכער שאַפן אַרום דער „מיניאַטור־ביבליאָטעק" די געהעריקע באַדינגונגען און אַט־מאָספערע — דורך אַבאָנירן זיך און שאַפן אַבאָנענטן פאַר דער אויס־גאַבע· נאָר אויף אַזאַ אופן וועט פאַרזיכערט ווערן איר נאָרמאַלע עקזי־סטענץ און אַנטוויקלונג·

פאַריז, 1961

אברהם סלוכאָווסקי
צינדט אַ יאָרצייט-ליכט
פֿאַר זיין פֿרוי העלאַ
און זונעלע נאַטאַן
דערמאָרדעט דורך די נאַציס
אין מינסקער געטאָ — 1941

# א וואָרט וועגן מחבר

אברהם ווייץ איז דער מחבר פון דריי פּראָזע־ביכער: „אותיות אין בלוט", „אַ גייער טאָג גייט אויף" און „דער באַהאַלטענער ייִד".

איינער פון די יינגערן דור שרייבער, וועמענס דערציילונגען שפּיגלען לרוב אָפּ די פּיין־תקופה פון לעצטן חורבן.

דער ביטערער גורל, וואָס האָט אים און זיינע נאָענטסטע געהאַלטן אין קלעם, פון וועלכן אַ טייל גאָר זעגען אַרויס צוריק צו אַ ניי לעבן — האָט אין אים איבערגעלאָזט טיפע וווּנדן.

אינעם צוריקגאַנג צו יענע געשעענישן פון נעכטן, זוכט דער שרייבער דעם באַשייד פאַר די פאַרוויקלטע סיטואַציעס און קומט צו נייע אויסמעסטונגען פון דער טראַגיק.

די זעקס נאָוועלן אונטערן נאָמען „דער קאַרשנבוים", כאָטש געשריבן אין איין יאָר, זענען טעמאַטיש נישט געבונדן צווישן זיך. זיי שילדערן פאַרשידענע געשטאַלטן פון פאַרשידענע סבי־בות, און אַפילו פאַרשידענע צייטן. זיי וואַקסן אָבער יאָ אַרויס פון איין און דער זעלבער פּסיכישער וועלט, וואָס איז אָנגעלאָדן מיט דראַמאַטישן קאָנפליקט.

אַריינגעוואַקסן אין פאַריזער ישוב, אינעם לאַנד, וואָס האָט אים גייסטיק משפּיע־געווען, שילדערט ער אויך דעם דאָאיקן פּייזאַזש, די שכנים, מיט וועלכע ער לעבט נאָענט און באַזונ־דערס די היימישע סביבה מיט אירע פּראָבלעמען.

אין „קאַרשנבוים", וואָס נעמט אַריין פיר נאָוועלן פון דער היגער ווירקלעכקייט, קומט עס אויף אַ בולטן אופן צום אויס־דרוק.

מ. וו.

# דער קארשנבוים

ין אַ זוניקן פרימאָרגן האָב איך אַ פאַרבענקטער, באַהערשט פון אינערלעכע ספקות, זיך אַוועקגעלאָזט צום מאָנפּאַרנאַס־וואָקזאַל און אַריינגעפאָרן אינעם שטעטל בעלווי, אין דער ריכטונג פון ווערסאַיל.

נאָך אַ יאָרן־לאַנגער הפסקה האָב איך ווידער דערבליקט דאָס שטילינקע, פּיטאָרעסקע שטעטל, וואָס איז אַ מאָל געווען באַצירט מיט ראָקאָקאָ־שלעסער פון 18־טן יאָרהונדערט לויטן געשמאַק פון מאַדאַם דע פּאָמפּאַדור.

אָבער די שפּיציק־טורעמדיקע שלעסער מיט קאַרניזן און וויטראַזשן זענען שוין מכמה שנים חרוב געוואָרן. דאָס שטעטל איז שוין לאַנג צוריקגעגאַנגען צום פּרימיטיוון צושטאַנד. אַחוץ די צענטראַלע געביידעס זענען די הייזקעס כמעט פאַרשלונגען אינעם שאָטן פון אַלטע, ברייטצעצווייגטע דעמבעס, טאָפּאָלן און לינדנביימער, ווי אַן אונטערגעהאַקטער וואַלד וואָלט אַרויפגעפאַלן אויף די פאַרשידנפאַרביקע ציגל־ און שינדלדעכער.

די איינציקע געביידע, וואָס טיילט זיך דאָ אויס פון דער אַרומיקער פּרימיטיווער אָרטשאַפט, איז דער מאָדערנער לאַבאָראַטאָריע־בנין מיט פּילצאָליקע ווענעציאַנישע פענצטער און ברייטע פּאַלאַצמעסיקע שטיגן.

דער אַלטיטשקער פּראַנצויז, וואָס איז מיר אַקעגנגעקומען ביים אַרויס-גאַנג פון וואָקזאַל, האָט זיך אָפּגעשטעלט און מיך אָנגעקוקט מיט חידוש, גלייך ווי ער וואָלט מיך געפרעגט :

— וואָס מאַכט איר דאָ אין אַזאַ אומהיימלער פּראָווינץ-שטעטל ?

ער האָט בלויז דערזען מיין פּנים, מיין העלן יום-טוב-אנצוג, מיין טונקעלע טעקע אונטערן אָרעם, אָבער נישט די פאַרבאָרגענע נשמה-פעדעם, וואָס פאַרבינדן מיך מיט דעם דאָזיקן לאַנד-שטח. וואָרעם דעם אַלטיטשקן תושב האָט דאָך נישט געקענט איינפאַלן, אַז איך בין דאָ לחלוטין נישט געקומען באַוואונדערן די געגנט, נאָר באַזוכן אַ ווילע, אין וועלכער ס'האָט יאָרן-לאַנג געוווינט און געשאַפן אַן אַלטער יידישער פּראָזע-מייסטער.

אויסצוגעפינען די דאָזיקע ווילע איז מיר נישט אַזוי לייכט אָנגעקומען. איך האָב זיך אַ לענגערע ווײַלע אַרומגעבלאָנקעט אין די שמאָלינקע, שלעכט-ברוקירטע געסלעך, וואָס דערמאָנען דאָס פאַרשטעטל מעדאָן, ווו עס געפינט זיך דאָס הויז פון עמיל זאָלאַ.

ביים צוקומען צו דער ווילע האָב איך אַ ציטער געטאָן, ווי כ'וואָלט ווידער דערזען אַן אַלטע, אויפגעפרישטע משפּחה-מצבה

דאָס טויער איז ווי תמיד געווען געשלאָסן. איבער טייל פענצטער זענען די שטאָרן געווען אַראָפּגעלאָזט. אַנדערע — פאַרצויגן מיט קאָלירטע פאָרהאַנגען, וואָס האָבן פון אַ לייכטן ווינקל זיך כוואַליענדיק געקאַרבט און געפּעכערט ביי די ברעגעס. די ביימער אין גאָרטן זענען געשטאַנען צעבליטע. דאָ און דאָרט האָט אַ צווייגל זיך גאַנץ-זאַכטע געהוידעט, און געציילטע בלעטער האָבן געציטערט ווי צוקענדיקע אויערן ביי אַ הויז-חיה.

אַרום דעם פאַרשלאָסענעם טויער האָט זיך אַרומגעבלאָנקעט אַ גרויסער קודלעוואַטער הונט, וואָס האָט ביי מיר אַרויסגערופן אַן אימה. ער האָט געשפּאַנט האַמעטנע, שווער. זיין אַרויסגעשטעקטע רויטע צונג איז געווען באַלאַגערט פון אַ מחנה שוואַרצע זשומענדיקע פליגן. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט שאַרף גרינע אויגן און זיך מיט הכנעה אויסגעצויגן פאַר מיינע גרויסשטאָטישע גלעזע שיך.

איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן הויכגעוויקסיקן גראָז און מיט אַ

טיפער בענקשאַפט צו פאַרגאַנגענע יונגע יאָרן, האָב איך אַריינגעקוקט אין די אָפענע ווילע-פענצטער.

ס'דערמאָנט זיך עפּעס... דאָס האַרץ נעמט האַסטיק און האַסטיקער שלאָגן... אַרום מיר איז טויבשטום... אָבער צו מיינע אויערן דערטראָגן זיך ווייטע התלהבותדיקע שטימעס... טייל פון די דאָזיקע קולות זענען שוין איצט אויף אייביק אַנטשוויגן... אייניקע האָבן זיך אויסגעלאָשן אין אַש... אַנדערע האָבן אָפּגעטאָן זייער אַרבעט און זענען אַוועקגעגאַנגען. אָבער דעמאָלט, בעת מיר האָבן יעדן שבת-נאָכמיטאָג באַזוכט דעם מייסטערס ווילע, האָבן מיר געבילדעט אַ פרייליכע, האָפענונגספולע כאַלאַסטרע.

באַנאַנד מיט דער גרופּע יונגע שרייבער איז דאָ יעדן שבת-נאָכמיטאָג אַהערגעקומען דער אַלטער היסטאָריקער מיט זיין מילכווייסן קאָפּ האָר אויף שוואַרצע בגדים. ער האָט געפירט געאָרעמט אַ יונגע בליענדיקע אַקטריסע, וואָס האָט אָפּגעלייקנט זיין זקנה. אַ מיטליאָריקער מאָלער, וואָס האָט דעם אַלטן מייסטער גוט געקענט פון די וואַרשעווער יאָרן, האָט זיך דאָ באַוויזן מיט זיין מאָדעלקע — אַ פראַנצויזישע „לאָרעליי" מיט לאַנגע גאָלדענע האָר, צעכוואַליעט אויף אַ בלוי פאַנטאַזי-קלייד.

מיר פלעגן זיך דאָ אויסזעצן אויפן הויף ווי תלמידים און חסידים אַרום דעם רבינס טיש, פירן וויכוחים וועגן טעאַטער, ליטעראַטור, פלאַסטישער קונסט, טיילמאָל פאַרציען פאָלקסטימלעכע ניגונים.

דעם מייסטערס פרוי, אַן אַריסטאָקראַטישע באַיאָרטע דאַמע, האָט אַליין צוגעטראָגן דעם כיבוד און זיך אַוועקגעזעצט מיט אונדז פאַרברענגען. זי האָט אונדז געפלעגט איבערבעטן, אַז מ'זאָל זיך פאַרהאַלטן אַ קאַפּיטשקע שטילער, איר מאַן זיצט ביים שרייבטיש.

אין דער רגע האָבן אַלע געגומען בליקן צום פאַרמאַכטן לאָדן, דורך וועלכן ס'האָט אַרויסגעשפּאַרט אַן אָפּשיין פון חלב-ליכט. מיר זענען גלייך באַהערשט געוואָרן פון אַ גאַנץ אַנדערער שטימונג. הגם מיר האָבן דעם אַלטן מייסטער נישט געזען, האָבן מיר אים פונדעסטוועגן דערפילט. ס'האָט זיך אונדז געדוכטן, אַז מ'הערט אַ גערויש פון פליגל, וואָס שוועבן אַרום איבער די בלוטיקע אַרענעס פון דער יידישער געשיכטע און נעמען אויף די געלייטערטע נשמות פון קידוש-השם-יידן, וועמענס גופים זענען

אָקאָרשט פֿאַרבראַנט געוואָרן אויף שייטערהויפֿנס מיט „אחד“ אויף אָטעם־אויסהויכנדיקע ליפּן...

ס׳האָט אַ מאָל געטראָפֿן, אַז דער מייסטער זאָל צו אונדז אַרויסקו־מען. ער איז געגאַנגען אָנגעלענט אויף אַ שטעקן, איינגעהילט אין אַ גע־בלימטן שלאָפֿראָק. אונטער זיינע מידע אויגן האָבן זיך געבילדעט צוויי גרויסע טונקעלע רעדער. אויסגעזען האָט ער ווי אַ וואַנדערער, וואָס איז קפֿיצת־הדרכדיק געקומען אַהער אַזש פֿון אַלטן בבל.

בעת דער מייסטער האָט זיך צוגעזעצט צום טיש, האָט זיך באַקומען, אַז דערוויילע דערזעט ער קיינעם נישט. ער איז נאָך, אין די ערשטע רגע׳ם פֿון „איבעררייס“, באַהאָפֿטן מיט די אָנגעשריבענע בלעטער, וואָס זענען נאָך וואַרעם פֿון זיין קאָכעדיקן אָטעם. נאָך אַ שווערן אָפּזיפֿץ האָט ער אַ מאָל אַ זאָג געטאָן:

— איך לייג אין מיינע ווערק אַריין אַזוי פֿיל רחמים און מענטשן־ליבע, אַז ס׳בלייבט מיר כמעט גאָרנישט פֿאַר מיין פּריוואַט־לעבן. דע־ריבער האַלטן מיך געוויסע שרייבער פֿאַר אַ רשע. אויב כ׳קום אַ מאָל נישט אַרויס צום טיש, איז דאָס חלילה נישט פֿאַר גאווה. מיין לעבן מאָנט זיך אַ סך צייט. איך דאַרף נאָך אַ מאָל איבעראָטעמען דאָס לעבן פֿון וווייטע דורות.

דעם מייסטערס פֿרוי האָט גראָד צוגעטראָגן צום פֿרוכטן־טעלער, פֿרישע, גאָר וואָס אָפּגעריסענע קאַרשן און זיך געבעטן:

— פֿאַרזוכט, ס׳איז פֿון אונדזער בוים!

ערשט איצט, זיצנדיק אַזוי אַ פֿאַרטראַכטער אויפֿן גראָז, האָב איך אויפֿסניי דערבליקט דעם אַלטן קאַרשנבוים, וואָס האָט מיט אַ צווייגל אַריבערגעשפּאַרט איבערן פּלויטל, פּונקט ווי עס וואָלט מיר עמעץ אויס־געשטרעקט אַ האַנט.

אינעם קאַרשנבוימס געשאָרך האָב איך דערהערט מיין אייגענע פֿראַ־גע צו זיך:

— צו וועמען ביסטו דאָ אייגנטלעך אַרויסגעקומען? דער אַלטער מייסטער איז דאָך טויט...

— כ'ווייס טאָקע נישט, צו ווען איך בין דאָ אַרויסגעקומען... אָנגעצינדן אַ יאָרצייט-ליכט? אפשר גאָר געטריבן פון אַ בענקשאַפט צו יענע טעג, ווען מ'האָט אַזוי הייליק געגלויבט אין אייגענעם גורל... אַלע חלומות זענען אויסגערונען. איצט שטיי איך אונטער אַ באַרג אַנטוישונגען... מ'ווערט אַלט און מיד...

„דער קאַרשנבוים איז דאָך אויך שוין אַלט — האָט אַ קול אין מיר גענומען רעדן. — פונדעסטוועגן מיט וואָס פאַר אַ קראַפט צערוישט ער זיך, בליט, פירט אויס זיין שליחות, גיט פרוכטן. מיין יאוש איז דאָס זעלבע, אייגנטלעך, וואָס די ווערעם פאַרן בוים, זיי פרעסן אים און ער בליט. און אַזוי גוט ווי פון אַ קאַרשנבוים קען דאָך נישט ווערן קיין באַרנעבוים, אַזוי קענסטו דאָך נישט ווערן עפּעס אַנדערש...“

דער אַלטער בוים האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. צו מיינע פיס איז געפאַלן אַ שטענגל שוואַרצע, פינקלדיקע קאַרשן...

פאַריז, מאַי 1960.

# אין א פאסאזש



יים רעכטן פליגל פון מיין פענצטער איז אין אַ שמאָלינקן שלעכט־
ברוקירטן פּאַסאַזש געשטאַנען אַן אַלט הויז, וואָס איז געווען אונ־
טערגעשפּאַרט מיט דיקע בעלקעס.

צום אַלטן הויז איז געווען צוגעטוליעט אַ קליין האָטעלכל, וועמענס
טינקטור איז שוין מכמה־יאָרן געווען אָפּגעקראָכן.

פונעם הויז זענען געפאַלן שטיקער. דעם שינדלדאַך האָט דער ווינט
איינציקווייז אַראָפּגעריסן, און טייל שויבן זיינען דאָ געווען אויסגעהאַקט.
אין אַנדערע — זענען די לעכער געווען פאַרשטאָפּט מיט אַלטע צע־
דריוולטע זעק.

ביי דער טיר פון האָטעלכל האָט געהאָנגען אַן אַלטמאָדישע לאַמטער־
נע אין אַ שוואַרצער דראָטענער שאַטקע.

אין דעם פּאַסאַזש האָט זיך צונויפגעזאַמלט אַ כנופיה פון דער
פראַנצויזישער אָרעמקייט.

זומער און ווינטער זענען די פענצטער געווען באַהאָנגען מיט האַלב־
לעד־געוואַשענע וועש — קינדער־זאַכן, געלאַטעטע פרויען־ און מענער־

העמדער, פון וועלכע עס האָבן אַראָפּגעקאַפּיעט שווערע טראָפּנס וואַסער אויף די אַרומגעקעסטלטע, קוואַדראַטנע בלומענטעפּ.

ביים רוב איינוווינער פון דעם הויז איז די עלעקטריע און גאַז. געווען פאַרמאַכט. אין די טונקעלע אָוונט־שעהן האָבן זיך אין זייערע פענצטער באַוויזן פלעמלעך פון חלבנע ליכט, אָדער פון אַלטפרענקישע נאַפטלאָמפּן, וואָס האָבן פאַרשפּרייט אַן איבלדיקן געשטאַנק און די סאַדזעדיקע רויכלעך האָבן שוואַרץ געמאַכט די לופט. אין אַנדערע פענצטער האָבן אויפגעלויכטן בלויע פייערן פון פּרימוס־מאַשינקעס, אויף וועלכע די קבצניוקעס האָבן דאָ צוגעגרייט זייערע אָרעמע מאָלצייטן.

גאַנץ אָפּט, וואַרטנדיק אויפן לעפל געקעכץ, האָבן זיך פּאָר־פעלקער דערווייל אַרומגעקריגט, זיך געשאָלטן מיט טויטע קללות, וואָס האָבן זיך אויסגעמישט מיט די פּאָלקסלידער, וואָס מען האָט געהערט פון אַנדערע שטיבער.

באַנאַנד מיט די שטערן אין הימל האָט זיך אָנגעצונדן די לאַמטערנע פון האָטעלכל.

אין די שאָטנדיקע ווינקלען, אין די האַלב־צוגעשפּאַרטע הויזטירן האָבן זיך יונגע מיידלעך אַרומגעטיולעט מיט אַלטע שיכורים.

דער פּאַסאַזש, וואָס איז געווען קוים־קוים באַלויכטן, האָט אויף מיר געווירקט ווי אַ מיסטעריעזע סצענע פון „מענטשן פון אָפּגרונט“.

ביז אין די שפּעטע נאַכט־שעהן אַריין האָט דאָ געריושט מיט ברוי־דיקע, אָפּגעריסענע, אָפּגעשליסענע קינדער. זיי האָבן זיך געשפּילט אָן שפּילצייג, אָדער זיך אַרומגעיאָגט נאָך די שמוציקע קעץ, וואָס האָבן זיך געפּלאָדיעט אין די מיסט־קעסלען, ווילד אַרומגעשפּרונגען אויף די צע־טאָטשעטע סלופּעס. טיילמאָל האָבן זיי פּאַר הונגער אויפגעהויבן אַזאַ אימהדיק מיאַוקעריי, אַז די מרשעת פון ערשטן שטאָק האָט זיי אָפּגע־צוואָגן מיט אַ שיסל וואַסער. דאָס האָט אַרויסגערופן אַן אויפגעהייטערט געלעכטער ביים קליינוואַרג.

* * *

דער ערשטער מענטש, וואָס האָט מיט זיינע שווערע באַנעגלטע טריט

געוועקט דעם פּאַסאַזש פון שלאָף און צעיאָגט די מיאַוקענדיקע קעץ, איז געווען דער האָליע־טרעגער וויקטאָר.

דאָס איז ממש געווען אַ הערקולעס. אַ בלאָנדער מיט אַ רויטבלוטיק פּנים און קליינע בלויע גוטמוטיקע אייגעלעך. ער האָט תמיד געטראָגן אויפן נאַקעטן האַלדז אַ רויט טאַשנטיכל מיטן קנופּ אויפן סאַמע פּראָנט, גלייך ווי דאָס וואָלט געווען אַ שלייף פון אַ קראַוואַט.

בעת ער איז אָנגעקומען מיט אַ קעסטל האַלב־פאַרפוילטע פּרוכטן, וואָס ער האָט געטראָגן אויפן אַקסל, האָט דער טאָג אָקאָרשט געהאַט אויפגעבראָכן. דער הימל איז נאָך פול געווען מיט נאַכט־שאָטנס, בלויז אין מזרח האָט אַ גאָלד־ראָזעווער פלעק, אַ זונשפּראָץ, געוואָרפן אַן אָפּ־שיין אויף די שכנותדיקע טונקעלע וואָלקן־אינדזלעלעך.

זומער־צייט האָבן די פייגעלעך ערשט אויסגעטשעריקעט זייער שירה; ווינטער־צייט האָבן קראָען געקראַקעט און געשוועבט איבער נאַקעטע ביי־מער, איבערגעצויגן פון אַ זילבערנער ראָסע.

אָנקומענדיק אין פּאַסאַזש אַריין, האָט וויקטאָר גענומען געוואַלדעווען מיט זיין געזונטן הילכיק קול, וואָס האָט ברייט און ווייט אָפּגעשלאָגן:

— מאַרגאַריט, לולו! — האָט ער גערופן.

נאָך אַ ווײַלע איז אויף אים אַרויפגעשפּרונגען לולו, אַ ווייס־געלאָקטער הונט.

— באָן־זשור, וויקטאָר! — האָט אים אַרומגענומען אַ שלאַנק אויס־געדאַרט בלאָנד ווייבל אין אַ לאַנג נאַכט־העמד.

אָפּגעקושט זיך מיטן ווייבל, האָט ער גענומען אויסקושן דעם הונט, ווי אַ שיכור וואָלט געסמאָקטשקעט דעם שנויץ פון אַ פלאַש וויין.

בעת זיי זענען אַריין אין הויז, האָט דאָס שכנותדיקע גאָטישע קלויס־טערל אויסגעבעמזעט זעקס, לאַנג־צעצויגענע קלאַנגען, וואָס האָבן זיך צעפּראָשעט אין דער אַרומיקער לופט.

פון ערגעץ־ווו האָט זיך אַרויסגערוקט אַ קלאָשאַרן־פּאָרל, וואָס האָט גע־פירט זייער „מעבל“ אויף אַן אַלטן וואָזעק. אַ שרייפל אין אַ צעבוינן ראָד האָט געפּיפּן. דאָס פּאָרל האָט אָפּגעשטעלט די „קאָטש“.

דער קלאָשאַר האָט מיט אַ פּאָנפּעדיקער שטימע גערעדט צו דער לײדיקער פלאַש, און דאָס װײבל זײַנס האָט גענומען אַרומנישטערן אין די מיסט־קעסלען. באַלד האָט זיך דערהערט אַ קװיטש. אָנשטאָט צו געפינען פאַרטריקנט ברויט אָדער אַלטע מלבושים, איז פון געעפנטן מיסט־קעסל אַרויסגעשפּרונגען אַ שטשור, װאָס האָט גלײַך געשטעלט אויף די פיס הונגעריקע, לױערנדיקע קעץ.

דאָס אױפגערײצטע מיאַוקען פון די קעץ און דאָס נאָכאַנאַנדיקע קלאַפּן פון די מיסט־שטאַרצן האָבן אויפגעוועקט דעם מאָלער זשאַקו.

ער האָט זיך, װי תמיד, באַװיזן אין זײַן װײסן, פאַרבן־געפלעקטן כאַלאַט מיט די קאָלירטע בלײַערס אין ברוסטן־טעשל.

געהערט האָט ער צו די מענטשן פון אַ סך מלאכות, װײניק ברכות. ער האָט פאַרגרעסערט פאָטאָגראַפיעס, געצײכנט פּאָרטרעטן, אָנגענומען צו מאָלן אַ דירה, פאַרמעקלען װװינונגען, און געבעטלט אַ שפּרײַעלע ליולקע־טאַבאַק. בעת ער האָט אַ מאָל אין אַ יובל אונטערגעכאַפּט אַ פאַרדינסטל, האָט ער זיך אַרומגעטראָגן איבער די קאַפעס און אַזױ לאַנג געגאָסן אין זיך דעם רויטן װײַן, ביז ער האָט באַקומען אַ לעבער־אַטאַקע. דעמאָלט האָבן אים זײַנע חברים, פּראָפעסיאָנעלע כוסה־בחורים, אַהײמגעטראָגן װי אַ האַלב־אָפּגעשטאַנענעם פיש, און אַרויסגערופן דעם קוואַרטאַל־דאָקטאָר.

* * *

דאָס האָטעלכל האָט יעדן פרימאָרגן אַרויסגעשיקט זײַנע לאָקאַטאָרן.

צװישן אַלטע פּראָסטיטוטקעס, פּראָפעסיאָנעלע אַרבעטסלאָזע, אַ פאַרבראַנדזעטן פײַער־שלינגער מיט זײַן געלן געזעלן, איז געװען אויך אַ פאַרזעסענע מויד, װאָס האָט זיך נעבעך אויסגעקוקט די אויגן, אַז ס'זאָל זי װער פאַרטשעפּען.

אַרום נײַן אַזײגער האָט זיך בײַ אַן אָפן פענצטער באַװיזן די משוגענע מאַרט, װאָס מ'האָט פון צײַט־צו־צײַט אונטערגעכאַפּט און מיט כּוח אַװעקגעפירט אין אַן אָפּרו־הויז.

— זשיל, — האָט זי אַ געשרײ געטאָן אַ דערפרײטע, פונקט װי

ס'וואָלט ווער געשטאַנען קעגנאיבער איר פענצטער און איר ממש אָפּ־געשפּילט אַ סערענאַדע — קום אַרויף! איך וואַרט דאָך שוין אויף דיר צוואַנציק יאָר. דו זעסט, איך וווין אין אַ „שאַטאָ“. איך בין אַ פּרינצעסין.

— האָט זי זיך גענומען שפּיגלען אין איר האַנטפּלאַך — דו זעסט כאָטש ווי שיין איך בין?...

— מאַרשאַן ד'האבי, שיפּאַן! האָט איר אָפּגעענטפערט דער יידיש־אַלזשיריאַנער אַלטוואַרג־הענדלער, וואָס איז גראָד אַרויסגעפאָרן מיט זיין האַנטוועגעלע — שיפּאָן, שיפּאָן! — האָט ער פאַררופן דעם קאָפּ צו די אָרעמע פענצטער.

* * *

באַלד נאָכמיטאָג, ווען ס'איז נאָר געווען אַ גינסטיק וועטער, האָט זיך די האָטעל־ניטשקע אַרויסגעזעצט פאַר דער טיר אויף איר אַלטפרענ־קישן שטרויענעם פאָטעל, די גרויע האָר פול מיט מעטאַלענע קאַרבן־קלאַמערס. זי האָט געקושט איר שוואַרצע קאַץ, וואָס האָט געטראָגן אַ ווייס בענדעלע אויפן האַלדז, טייל מאָל האָט זי געלייענט אַ האַלב־צע־פליקט בוך, אַ פּאָליצײ־ראָמאַן.

אויף דער שוועל פון דער האַלב־איינגעפאַלענער געביידע האָט זיך ווידער אַרויסגעזעצט די אַלטע קאָנסיערזשקע, וואָס האָט אין דער פרייער צייט אויסגעענדיקט הויזן.

זי איז אַרויסגעקומען מיט אירע מכשירים צום נייען און אַ פלאַש רויטן וויין מיט אַן איבערגעדרייט גלאָז אויפן העלדזל, וואָס זי האָט אַוועקגעשטעלט ביי איר רעכטער זייט. ביי די פיס האָט זיך אַוועקגעלייגט איר געלער הונט מיט די פאַרראָפּיעטע אויגן.

אַרום דער קאָנסיערזשקע האָבן זיך געזאַמלט די ווייסע חברה־הניקעס, וואָס האָבן איר לויט דער ריי, מיט אַ גרויס קינדעריש געפּילדער, איינ־געפעדעמט די נאָדל, צוגעטראָגן די שנאַלן און קנעפּלעך.

— יאָ, יאָ, מאַדאַם בוש, — האָט די קאָנסיערזשקע אַריבערגערעדט צו דער האָטעל־איינגנטימערין — מיר וועלן אַ ליאַדע טאָג ווערן אויס שכנות... ס'ווערט אומעטיק...

— וואָ־עם?

— איר פֿאַרגעסט, זע איך, מאַדאַם בוש, אַז די געביידעס זענען רע־גיסטרירט... זיי וועלן ווערן איינגעלייגט...

— ס׳איז דען אייער הויז ? איך, זעט איר, פֿאַרליר אַלץ... געוווינט האָבן טאַקע ביי מיר נאָר אָרעמע טייוולאָגים... האָב איך איינעם אַרויס־געשטעלט די וואַליזקע אויף דער גאַס, האָט ער זיך דאָ אין אַ סלופּ אַרייַנ־געקלאַפּט אַ האָק, אויפגעהאָנגען ס׳ביסל בעבעכעס און געוווינט אויפן האָק... אָבער כ׳בין פֿאָרט געווען זעלבסשטענדיק, נישט געדאַרפֿט אָנקו־מען צו די קינדער... איצט וועלן זיי צונעמען דאָס געלט פֿאַרן האָטעל און איך וועל זיך אַוועקזעצן וואַרטן אויפן טויט...

— מאָדערנע צייטן, מאַדאַם בוש. דאָס אַלטוואַרג רוימט מען אַראָפּ... די וועלט איז פֿאַרן „נייעם שטראָם“... מיר מעגן זיך שוין איינפּאַקן...

די אַלטיטשקע האָט אַראָפּגענומען פֿון שפּיץ נאָז אירע געשפּאָלטענע ברילעכלעך, וואָס זי האָט נאָכאַנאַנד געווישט מיט אַ נאָגאַווקע פֿון די הויזן, וואָס זי האָט אויסגעפּערטיקט און גערעדט:

— כ׳בעט אייך, מאַדאַם בוש, ווען מ׳זאָל אַזוי ביי די היינטיקע דערפינדונגען קענען צוריק ווערן מיידלעך פֿון אַכצן יאָר, וואָלט איר זיך אונטערגענומען אָנצוהייבן אויפסניי ?

— איך האָב גענוג, מאַדאַם סאָוואַזש, די גרויסע גליקן, וואָס איך האָב געהאַט... אויב אַ ביפּטעק טויג נישט פֿרישערהייט, זאָל ער גוט זיין אי־בערגעשטאַנענערהייט ?... באַגראָבן צוויי מענער... איינער האָט נאָכגע־יאָגט נקבות; דער צווייטער — די קורסן־פֿערד... ביידע האָבן געווונען דעם טויט... דער דריטער האָט מיך לעבעדיקערהייט באַגראָבן... אַ גס, וואָס ער איז פֿון מיר אַוועק... נישט די קינדער און נישט די אייניקלעך קומען מיך אַ מאָל זען... זאָל איך דאָס גאַנצע שפּיל אָנהייבן נאָך אַ מאָל ? טפֿו ! צום טייוול !...

— אפשר וועט איר האָבן אַן אַנדערן גורל, מאַדאַם בוש ?

— רעדט נישט קיין נאַרישקייטן. אַ מענטש האָט נישט קיין צוויי גורלות. ס׳לוינט זיך מיר ממש נישט איבערצוציען... כ׳האָב דאָ אָפּגע־לעבט דרייסיק יאָר... ווי לאַנג קען איך זיך דען נאָך אַרומשלעפּן ?

די קינדער אַרום האָבן געוואַלדעוועט, געליאַרעמט. די זקנות האָבן איבערגעריסן זייער שמועס און זיך איינגעהערט אין געטומל פון די קינדער.

— לאָמיר שפּילן נאַפּאָלעאָן! דו, פערנאַנד, וועסט זיין דאָס ווייסע פערד. לייג דיך אַנידער וועל איך אויף דיר אַריינרייטן קיין רוסלאַנד. האָסט דאָס געזען אין קינאָ?

די זקנות האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. די קאָנסיערזשקע האָט גענומען אַ שמעק טאַבאַק און אַ הילכיקן נאָס געטאָן. די האָטעל־איינגטימערין האָט פאַררויכערט אַ ציגאַרעט, פאַרבימערט אַריינגעשפּיגן אין פאַס רעגן־וואַסער.

* * *

איין מאָל אין אַן אָוונט פון סוף אויגוסט, בעת איך בין צוריקגעקומען פון וואַקאַנס, האָב איך די צוויי געביידעס פון פּאַסאַזש געפונען אויסגעליידיקטע. אַלץ אַרום איז געווען פאַרזונקען אין שטילקייט, אָן אַ קלאַנג.

די פענצטער זענען כמעט אומעטום געווען אויפגעפּראַלטע, אָבער ס'האָט זיך מער פון ערגעץ נישט דערטראָגן קיין אָפּקלאַנג. ס'האָבן אויף מיר געקוקט נאַקעטע ווענט מיט אַן אָפּגעשיילטער הויט. אין איינגעמויערטן קאַמין־שפּיגל האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אַ פאַרגעסענער קאַפּעלוש. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ס'שוועבט דאָרט אַרום אַ פלעדערמויז.

בעת דאָס ליכט פון די גאַסן־לאַמטערנעס האָט זיך געצונדן, האָבן אויף די פינצטערע שויבן פונעם ליידיקן הויז זיך אָפּגעשפּיגלט די לאָמפּן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי גלי־ווערעם.

ס'האָבן זיך דאָ מער נישט אָנגעצונדן קיין חלב־ליכט, נישט קיין פּרימוס־מאַשינקעס.

ס'איז מיר מיט אַ מאָל עפּעס באַנג געוואָרן נאָך די אָרעמע מענטשן, וועמענס קולות, שיכורע און ניכטערע, זינגענדיקע און וויינענדיקע, האָבן יאָרן לאַנג אַריינגעקלונגען אין מיין פענצטער.

אַ בענקשאַפט האָט מיך אַרומגענומען צום קינדערישן געפילדער, וואָס האָט געפּלעגט אָנפילן מיט אַ שפּילעוודיקער פרייד די אַרומיקע חורבות.

אין איינציקע קאַץ האָט זיך דאָ איצט אַרומגעבלאָנקעט. איר מיאַוקען האָב איך אַלע ווײַלע אַרויסגעהערט פון אַן אַנדערן צימער. אָט איז זי אויסגעוואַקסן אויפן פאָרענטש פון אַ פענצטער. זי איז געבליבן שטיין אין אַ קעסטעלע, וואָס האָט אַמאָל אַרומגעצוימט די בלומען־טעפּ. אַ צעפּליקט קינדער־העמדל האָט אויף אַ שטריקל געפלאַטערט איבער איר איינגעקורטשעטן קאָפּ. די קאַץ האָט זיך איינגעקוקט אינעם אַרבעלע, גלייך ווי זי וואָלט געזוכט דאָס קינדער־הענטל, וואָס האָט איר געפּלעגט אַ גלעט טאָן.

אין איינעם אַ אָוונט, בעת כ׳בין צוגעגאַנגען צו מיין אָפן פענצטער און געכאַפּט אַ בליק אויף דעם ליידיקן הויז, האָב איך אויפגעציטערט. איך האָב זיך אַ רוק געטאָן אויף הינטערוויילעכץ. ס׳האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז אין אַ צימער פון ערשטן שטאָק האָב איך דערזען צוויי שאָטנס, וואָס אָט זענען זיי געקראָכן אויף די ווענט, אָט — אויף די שויבן. דערביי האָט נאָך עפּעס אַ פלעמל פון אַ לעמפּל אַ בלינצל געטאָן און זיך פאַרלאָשן, ווידער אַ מאָל אַ בלינצל געטאָן און זיך ווידער פאַרלאָשן. איך האָב אַוועקגעשפּרייזט פון פענצטער.

וואָס טוט זיך דאָ ?... שאָטנס ?... ליכט אין אַ ליידיקער חורבה ?... מסתמא אַן אויסדראַכטעניש... כ׳האָב דאָך אָבער געזען ליכט...

איך בין נאָך אַ מאָל צוגעגאַנגען צום פענצטער.

דאָס מאָל האָב איך אָנגעהויבן קלאָרער זען. די צוויי שאָטנס האָבן זיך איצט רעליעף געצייכנט אויף דער אונטערשטער וואַנט.
איך האָב געוואָרפן אַ בליק אויף דער קעגנאיבערדיקער געביידע, געזוכט די לעבעדיקע געשטאַלטן, וואָס שאָטענען זיך אָפּ אויף די חורבה־ווענט, אָבער דאָס פענצטער פון קעגנאיבער איז געווען אויסגעלאָשן.

איך האָב זיך צוגעזעצט צום שרייבטיש, גענומען ממשיך־זיין אַן אָנגעהויבענע אַרבעט, אָבער געפילט האָב איך, אַז מיין מחשבה איז איצט נישט מיט קיין שום זאַך אין מיין צימער, נאָר מיט עפּעס וואָס געפינט זיך אין דרויסן...

לסוף האָב איך איינגענומען צוויי טאַבלעטקעס צו באַרואיקן מײַנע נערוון און זיך געלייגט שלאָפֿן.

אָבער ווי נאָר כ'האָב אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויפֿן קישן, האָט זיך אַ געדאַנק מיט מיר גענומען רייצן:

— וואָס איז דיר עפּעס איינגעפֿאַלן צו גיין צום דאָקטאָר מיט אַ מעשׂה וועגן שאַטנס?... ער וועט דאָך דיך ממש אויסלאַכן... דו גלויבסט דען אין שדים, אין רוחות?...

איך האָב זיך אַזוי אָפּגעמאַטערט אַ גאַנצע נאַכט, אָבער צום פֿענצ־טער בין איך נישט צוגעגאַנגען.

צומאָרגנס האָב איך מיט דער גרעסטער שפּאַנונג דערוואַרט דעם אָוונט. און ווי נאָר די נאַכט איז צוגעפֿאַלן, בין איך, ווי עפּעס אַריינגעצויגן אין אַ כּישוף־קרייז, אויסגעוואַקסן ביים פֿענצטער.

„איינגטלעך וואָס גייט מיך אָן דאָס לײַדיקע הויז? אַ ליאַדע טאָג וועט עס סײַ־ווי פֿאַרוואַנדלט ווערן אין שטויב. יאָ שאַטנס, נישט קיין שאַטנס. אַ קאַלטער ווינט ווייעט שוין, צעטרייסלט די בולוואַר־ביימער, טאָ צו וואָס דאַרף איך בכלל עפֿענען ס'פֿענצטער?...“

אָבער איך האָב האַסטיק אויפֿגעריסן ס'פֿענצטער.

אַ קילע כוואַליע האָט אַ שטראָם געטאָן איבער מײַן צעהיצט פּנים. איך האָב זיך נאָך אַ קאַפּיטשקע געוואַקלט:

— כאַפּן אַ בליק?...

די צוויי שאַטנס האָבן גלײַך אַ שוועב געטאָן. הגם די ערשטע שרעק, וואָס האָט מיך נעכטן באַהערשט, איז פֿון מיר גענצלעך אָפּגעטרעטן, איז אָבער מײַן נײַגער — שטאַרקער געוואָרן.

איך בין שוין אָפּגעלעגן איבער אַ שעה אין בעט און זיך נאָך אַלץ נישט געקענט באַפֿרייען פֿון דער שאָטן־מיסטעריע. איך האָב געפּרוווט לייענען אַ בוך, אָבער די צוויי שאַטנס האָבן זיך בולט גענומען צייכענען אויף די בלעטער...

פּלוצלונג האָט מיך אַ געדאַנק אַרויסגעהויבן פון בעט. איך האָב זיך צוריק אָנגעטאָן, אַ כאַפּ געטאָן מיין באַטערייקע און האַסטיק אַראָפּגעלאָפן.

ביים איינגאַנג פון דער חורבה איז מיך באַפאַלן אַן אימה. דער ווינט האָט אַרויסגעפיפן פון די הוילע פינצטערע צימערן. ערגעץ-ווו האָט אַ קייטל געקלימפּערט אין אַ הויזטיר. די קאַץ האָט ערגעץ פון אַ ווינקל אַרויסגעוויינט.

מיין טאַשן-לעמפּל האָט ווי אַ רונדיקע פייל געלעכערט די פינצטערניש. די שטיגן האָבן געגומען סקריפּען און אָפּהילכן, גלייך ווי איבער מיין קאָפּ וואָלט נאָך עמעצער געשפּאַנט. ס'האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז אַלץ ברעכט זיך איין, צעפאַלט אונטער מיינע פיס, אָבער עפּעס אַ געהיימער כוח האָט מיך געטראָגן אַרויף-צו.

איך האָב לאַנגזאַם געעפנט אַ טיר, געשטעלט אַ טראָט אַריין, אַ טראָט אַרויס... איך האָב עפּעס ווי אין חלום געהערט פליסטערן צוויי שטימעס...

מיין לעמפּל האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ האַלב-נאַקעט צונויפגעטוליעט פּאָרל, וואָס האָט זיך דאָ געהאַט אויסגעבעט אויף דער שמוציקער פּאָדלאָגע. דאָס פּאָרל האָט, ווי איין גוף, זיך אויפגעכאַפּט און צוויי פּאָר יונגע אויגן האָבן זיך אין מיר איינגעגעסן מיט אַ שטומער אימה, וואָס האָט איבערגעשריגן זייערע קולות...

איך האָב מיט אַ שולד-געפיל פאַרלאָשן מיין לעמפּל. פון דער פינצטערניש האָט אַ שטימע אַרויסגערעדט:

— אָרעמע קינדער פון קוואַרטאַל. מיר האָבן נישט קיין געלט אויף אַ וווינונג. אַ האָטעל אויף דערווייל... איז אונדז פאַר יעדן אָוונט... צו טייער... האָבן מיר זיך דאָ אַריינגעגנבעט... ווען מ'לעבט, געדענקט מען נישט אין טויט... איר האָט אין אונדז ערשט אַרויסגערופן די טויט-שרעק... ס'הויז קען דאָך טאַקע איינפאַלן... קום, ראָז, לאָמיר אַנטלויפן !...

איך האָב זיך אַ געפּילעפּטער צוריקגעצויגן.

פּאַריז, אָקטאָבער 1960

# דער תּפֿיסה - קאַלענדאַר

יר מאַן זענען מיר געזעסן אין דער תּפֿיסה־צעל ; דריי פֿראַנצויזן און איין ייד.

איך האָב מיט אַ מבֿולבלדיקן בליק באַטראַכט די געלבלעך געוואָרענע ווענט, וואָס זענען אַרום און אַרום געווען צעקראַצט. די פֿאַרשידנפֿאָרמיקע נעגל־ריצן זענען מיר פֿאָרגעקומען ווי געהיימע שריפֿט פֿון די אַלע, וואָס זענען דאָ געווען פֿריִער. איך האָב אַרויסגעלייענט זייערע בענקשאַפֿטן, דערשלאָגנקייטן, מרה־שחורות — און אפֿשר אימת־המוות ?...

פֿון כמורנעם ווינקל האָט אַרויסגעשטעקט אַ שמאָלינק אייזן בעטל מיט אַ געל־געפֿלעקטן שטרוי־זאַק. צוקאָפּנס פֿונעם בעטל האָט אַ פֿירקאַנטיקער ליכט־פֿלעק, וואָס האָט זיך אַדורכגעריסן דורך די פֿאַרזשאַווערטע קראַטעס פֿון דאַך־פֿענצטערל, צוגעצויגן די בליקן פֿון אונדז אַלעמען.

אויפֿן רעכטן ברעג שעניק איז געזעסן אַן עלעגאַנטער ייִנגערמאַן פֿון אַ יאָר אַכצן. זיינע לאַנגע פֿינגער, ווילד אַריינגעשטאָכן אין זיינע קערפּערנע האָר, וואָס האָבן געלויכטן אין דער טונקלקייט.

אויפֿן לינקן ברעג שעניק — אַ פֿופֿציק־יאָריקער פֿראַנצויז, וואָס האָט

מיט ביידע פויסטן געפּויקט אין די קניען אַריין. ער האָט כסדר אויפגעהויבן זיין גלאַט־געגאָלטן קאָפּ, געעפנט ס'מויל, ווי ער וואָלט אַרויסגעלאָזט אַ קרייזעלע רויך און אַ שפּיי געטאָן מיט אַן אָפּהילך פון אַן אויפגעקאָרקעוועטער פלאַש.

אויפן אייזערנעם בעטל איז געזעסן מיין שמוגלער, אַ ברונעטער מאַן מיט אַ דין־פאַרשוירן שוואַרץ וואָנסעלע. ער האָט מיט די ציין איינגעקנייטשט שטיקלעך האַרט פּאַפּיר, און מיטן פערטל בלייער, וואָס האָט זיך אָפּגעפונען אין זיין ברוסט־טעשל, האָט ער זיך געמאַכט אַ פּעשל קאָרטן.

איך בין געזעסן אויפן איינציקן טאַבורעטקעלע, אָנגעלענט מיינע עלנבויגנס אויפן שוואַרצן הילצערנעם אויסלייג־טישל, וואָס איז ביים מינדסטן ריר צוריקגעשפּרונגען אין דער וואַנט־עפענונג.

נאָך אַ וויילע האָב איך זיך צעגעזעצט מיטן פּנים צום „יודאַש“. צו מיינע אויערן האָבן זיך דערטראָגן הילכיקע טריט. יעדער פאַרבייגייענדיקער האָט , קוקענדיק דורכן „יודאַש“, נישט געהאַט קיין קאָפּ, קיין הענט און פיס, נאָר בלויז אַ בויך מיט צוויי אויפגעפּעכערטע מאַרינאַרקע־פּאָלעס, אָדער מיליטערישן פּאַסעק. דאָ און דאָרט האָבן זיך מיט אַ משונהדיק געגרילצעריי געעפנט טירן. מ'האָט אַריין און אַרויסגעפירט. פעסטע טריט, שליאַבערדיקע טריט. אַ קול, אַ ווידערקול אין די לאַנגע קולואַרן, און עס ווערט ווידער טויטשטיל.

דורכן דאַך־פענצטערל פון אונדזער קאַמער דרינגט אַריין אַ מאַטער אָפּקלאַנג פון די טראַמוויי־גלאָקן, וואָס קלינגען דאָ נישט ווייט פון אונדז, אין דער היסטאָרישער אוניווערסיטעט־שטאָט, פּואַטיע.

מיר איז נמאס געוואָרן דאָס זיצן ביים „יודאַשל“ און אויפציטערן ביי יעדן טראָט, נעבן דער שוועל פון אונדזער צעל. איך בין צו צום טישל. דער יונגער אַרעסטאַנט האָט גראָד אויפגעהויבן זיין שוך אָן שנורוואַדלעס. ער האָט אים באַטראַכט פון אַלע זייטן, און אַראָפּגעטראַסקעט אויף דער פּאָדלאָגע מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט אים זיין גורל געשמיסן אין קאָפּ אַריין...

דער עלטערער אַרעסטאַנט האָט זיך אויסגעצויגן אויפן שעניק, ביידע הענט הינטערן קאָפּ. איצט האָט ער געשפּיגן אין דער לופט אַריין.

— ווי שפּעט קען איצט זיין ? — האָט דער יונגער בחור געפרעגט און זיך אַרומגעקוקט.

— וואַרטסטו אויף דער זופּ — האָט דער עלטערער געזאָגט און ציניש צוגעשמייכלט — ווערסטו לויטן טאָגליכט נאָך דאַרפן וואַרטן אַ פיר שעה. אויב דו וואַרטסט אָבער אויף דער באַפרייאונג, קענסטו זיך שוין גרייט מאַכן... אָבער וואָס איילסטו זיך ? דו ביסט דאָך אין אַ לוקסוס-פּענסיאָנאַט. — האָט ער זיך צעלאַכט, אַז דער בויך האָט ביי אים אַזש געגנומען אַרויף און אַראָפּטאַנצן.

— מיין גאָט, כ'האָב אַזוי פיל זאַכן צו דערלעדיקן ! — האָט דער שמוגלער פלוצלונג זיך אָנגערופן — כ'האָב נישט קיין צייט צו זיצן...

— פאַרגעס דאָ אין צייט ! — האָט דער יונגער סטודענט געזאָגט פאַרטראַכט — אַ תפיסה איז אַ קלאָטקע, וואָס כאַפּט נישט אַזוי וויט אַריין דעם מענטש, ווי די צייט... דיין צייט איז איצט, דאָ זיצנדיק, אויסגערונען... און דיין וועלט איז אַזוי גרויס ווי דאָס דאָזיקע קעמערל... גאַנץ פראַנקרייך זיצט דאָך איצט ביים דייטש אין דער תפיסה. אַ שיינע עפּאָכע האָט אונדז דער אַלטער פעטען צוגעגרייט. פאַרן בלויזן וועלן אַריינפאָרן קיין ניצע, קומט אַ פראַנצויז איין און צוואַנציק טעג.

— איין און צוואַנציק טעג ? — האָט דער אַלטער אַרעסטאַנט אויסגערופן — איך וואָלט אונטערגעשריבן אויף אַ יאָר.

— פאַר וועלכן פאַרברעכן ? — האָט אים דער שמוגלער אָנגעקוקט.

— פרעג נישט, אידיאָט ! פאַרגעס זיך נישט מיט מיינע ציבעלעס ! איך זיץ דאָ נישט צום ערשטן מאָל. פאַר דער מלחמה...

— איז מסתמא געווען לייכטער — האָט אים דער שמוגלער איבערגעהאַקט — נישט רויכערן, נישט שרייבן קיין בריוו. מיין פרוי...

— מיין פרוי, אונדזער פרוי... כאַ-כאַ-כאַ ! — האָט דער אַלטער אַרעסטאַנט געלאַכט — ס'וועלן דיר נישט פעלן קיין „זשיפּאָנס"... ביי אונדז, פראַנצויזן, האָט מען דאָ אַמאָל געקענט זיצן מיט אַ באַוואַקסענער באָרד פון חדשים און דער קאָפּ זאָל זיין זיכער; היינט, ביי די „באָשן" מוז מען זיין ראַזירט, אָבער דער קאָפּ איז נישט זיכער...

— כ'בעט אייך, הערט אויף! — האָט זיך דער יונגער בחור אויפֿ־גערעגט.

— נעם ס'מיכל און שנייץ דיר אוים די נאָז! — האָט דער אַלטער אַרעסטאַנט געלאַכט — אַ יידישע כלה האָט זיך אים אין אַזאַ צייט פֿאַרגלוסט. כאַ־כאַ־כאַ! געפּאָרן זי זען אין דער פֿרייער־זאָנע. סטאָפּ! אַריין אין דער קלאַמקע! ס'האָבן דיר דען געפֿעלט קריסטלעכע בתולות? כאַ־כאַ־כאַ!

— שווייגט! האָט זיך דער יונגערמאַן אויפֿגעכאַפּט און מיטביידע פֿויסטן גענומען פּויקן אין דער וואַנט אַריין.

— פּויק מיטן קאָפּ, וועט דיר זיין לייכטער, כאַ־כאַ־כאַ! וועק נישט די שכנים פֿון שלאָף! לאָז זיי רוען! ס'איז דאָך דאָ אַ ביליק אָפּרו־הויז. ס'קאָסט נישט קיין דירה־געלט, נישט קיין עסן. ווען מ'גיט נאָך צו אַ שיינע נקבה. כאַ־כאַ־כאַ!

דער שמוגלער האָט מיטגעלאַכט.

— כ'בעט אייך, מאַכט מאַקע אַ קורצע פּויזע! — האָב איך זיך שטיל געבעטן.

— וואָס ווילסטו ווידער דאָרט? אָבער דיך וויל איך נישט טשעפּען. דער טרויער אין דיינע אויגן זאָגט מיר, אַז דו געהערסט צו די פּאַר־פֿאָלגטע, צו די... דו מיינסט אַז איך האָב נישט קיין האַרץ מיטצופֿילן? גוט איז וואָס דו האָסט „אַרישע־פּאַפּירן". ווען דו וואָלסט געהאַט פּאַפּירן מיט אַ שטעמפּל „ייד", וואָלט מען דאָך דיך גלייך אַוועקגעשיקט אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער.

— אויב די הערסט נישט אויף צו קוואַטשען, אַלטער קאַטאָרזשניק, — האָט זיך מיין שמוגלער אויפֿגעכאַפּט — וועל'ך דיך שטום מאַכן.

דאָ האָט זיך דער אַלטער אַרעסטאַנט אויפֿגעזעצט מיט אַ הירזשענ־דיק געלעכטער.

— מיר סטראַשען, מתים־רויבער! איך האָב דאָך דיך אויף איין צאָן. דו מיינסט, אַז איך ווייס נישט ווער דו ביסט? אַ שמוגלער. דו צאַפּסט היינט פֿון די יידן דאָס בלוט אַרויס און פֿירסט זיי מכלומרשט

אַריבער אין דער „פרייער-זאָנע". אָבער פאַרוואָס האָסטו זיך געלאָזט כאַפּן, קאַליקע? וויפל פון זיי האָסטו שוין אומגליקלעך געמאַכט?

מיין שמוגלער איז מיט איין שפּרייז אויסגעוואַקסן ביים שעניק, אָבער באַלד צוריקגעשפּרונגען ווי אַ גומענע ליאַלקע.

גראָד אין דער רגע האָט מען געהערט אויפשליסן די טיר.

— אַ שפּאַציר אויף צען מינוט!

פון רעכטס און לינקס האָבן זיך געעפנט קאַמערן. די פוסטע קולוארן זענען מיט אַ מאָל איבערפולט געוואָרן מיט איבערגעשראָקענע טריט. מיט יידישע קולות און קינדערישע געוויינען.

דער הויף איז געווען אַרומגעצוימט מיט אומגעהויער־הויכע מויערן. מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל צו שפּאַנען איינער הינטערן צווייטן, די הענט געשלאָסן אויף הינטן, און נישט אַרויסצורעדן קיין וואָרט. דער תפיסה-וועכטער האָט אויף אונדז געלויערט ביי דער שויב פון יענער זייט טיר. מיר האָבן דאָ געשפּרייזט אַ רונדיקע טונקעלע שורה. אונדזערע טריט האָבן עפּעס מאָדנע-שווער אָפּגעהילכט.

איך האָב דאָ יעדן יידן דערקענט לויטן אַראָפּגעזונקענעם קאָפּ און אויסגעקרומטער פּלייצע. די פרעמדע יידישע טריט האָבן זיך איבערגערופן מיט מיין געמיט.

דאָ און דאָרט האָט זיך ווער אָפּגעשטעלט. ס'האָט אים אפשר צוריקגעהאַלטן אַ געדאַנק, אַז יענער „ווייטער" איז נענטער צום טויט...

איך האָב אויפגעהויבן מיינע אויגן צום הימל. אַ בלענדנדיקע בלויקייט און אַ טונקעלער אולטראַמאַרין, באַזוימט מיט פייערדיקע שלאַקן, האָבן מיך אויף אַן אויגנבליק אַ הויב געטאָן אין דער לופט, אָבער באַלד מיך אַראָפּגעלאָזט נאָך פיל טיפער ווי דער פלאַך פון תפיסה-הויף.

אַ פייגעלע, וואָס איז אַ ווײַלינקע געשטאַנען אויף דער מויער, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו אונדז אין הויף אַריין, גענומען אַרומהאָפּסלען אויף די דינע פיסלעך, דזשאַביענדיק דעם שטיינערדיק-האַרטן באָדן. געציילטע רגעס איז עס מיטגעגאַנגען אין דער אַרעסטאַנטן-ריי, אָבער באַלד געעפנט די פליגעלעך און אַוועקגעשוועבט צו די פרייע ווייטקייטן.

צוריק אַרויפקומענדיק אין דער צעל אַריין, האָבן מיר זיך שוין האַלבלעך פאַרלוירן אין דער בין־השמשות־טונקלקייט. דער שפּאַציר האָט געענדערט אונדזערע שטימונגען. דער אַלטער אַרעסטאַנט איז געבליבן שטיין ביים דאַך־פענצטערל, אַ געפלעקטער פון שקיעה־שיין. ער האָט פאַרבענקט געפיפן. דער יונגער בחור האָט אָנגעשפּאַרט זיין קאָפּ אויף דער קאַלטער וואַנט. דער שמוגלער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעטל מיטן פּנים אַראָפּ. איך בין געבליבן זיצן ביים טישל מיט אַ געזונקענעם קאָפּ. פון אַלצדינג האָט מיך מיט אַ מאָל גענומען איבלען...

די שטילקייט אין דער קאַמער האָט אַזוי אָנגעהאַלטן אַן אומבאַשטימטע צייט.

פּלוצלונג האָט מען אויפגערוקט דאָס „יודאַשל". אַ האַנט האָט אַריינדערלאַנגט פיר פאַרזשאַווערטע מענאַשקעס מיט זופּ, וואָס האָט פאַרשפּרייט אַ פאַראייליצטן ריח.

הגם איך האָב געוווּסט, ווי די זופּ ווערט פון די דריי אַרעסטאַנטן גלייך פאַרשלונגען, האָט איך די איבלדיקע „יושקע" נאָכאַנאַנד געמישט און געמישט, און לסוף בייזלעך אַוועקגערוקט די מענאַשקע. ס'האָט זיך ווער צוגעשלייכט צום טישל. אַ פרעמדע האַנט איז אויסגעוואַקסן. דער אַלטער אַרעסטאַנט האָט מיך אָנגעקוקט מיט איין אויג. ווי נאָר איך האָב אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, איז די מענאַשקע פאַרשוווּנדן.

באַלד האָט זיך דאָס „יודאַשל" ווידער אויפגערוקט. פיר ראַציעס ברויט האָבן אַ בלענד געטאָן. דער שמוגלער איז צוגעשפּרונגען צום לופטשיקל.

— מ'סיע, שרייב־געצייג, אַ שטיקל ציגאַרעט!

דאָס פענצטערל האָט זיך פאַרהאַקט.

מיר האָבן גיריק געשלינגען ס'ברויט. יעדער האָט זיך אומגעקוקט, צי דער צווייטער קייעט נאָך.

דער אַלטער אַרעסטאַנט האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן ראַנד פון שעניק. אַ ווײַלע האָט ער זיך מיט ביידע הענט געקראַצט דעם גאָלן שאַרבן, פּלוצים האָט ער אַ שמיצל געטאָן מיט די ליפּן און גענומען רופן:

— קום אַהער, קאַפּי! גיב אַ לאַפּקע! אָט אַזוי, אָט אַזוי! האָסט מיך אַלץ נאָך ליב? כ'ווייס, דו האָסט מיך ליבער ווי מיין ווייב. ביסט מיר געטריי. ווען כ'וועל אַהיימקומען, וועל'ך דיר קויפן אַ נייעם בראַסלעט. דו בענקסט? איך — אויך. גיב אַ שפּרונג אויף די קניען! אָט אַזוי. ליג רואיק אַוועק דעם קאָפּ. ווילסט אַ ביין? כ'האָב נישט. כ'בין אַליין הונגעריק. ווען דו, קאַפּי, זאָלסט איצט ברענגען אַ ביין, וואָלט איך אים גאַנץ גוט אַרומגעלעקט.

מיר זענען געלעגן אויף די קויקעס אַנטשוויגענע און האָבן זיך איינגעהאָרכט, ווי דער אַרעסטאַנט רעדט צו זיין הונט...

מיט אַ מאָל — טריט. מ'שליסט די טיר.

— אַכטונג! — הערט מען אַ געשריי.

מיר זענען אויפגעשפּרונגען.

דאָס קליינע בלוי־אַבאַזשורטע לעמפּל אין סופיט, האָט זיך אָנגעצונדן. ס'האָבן זיך באַוויזן צוויי דייטשע אָפיצירן, באַגלייט פון אַ פראַנצויזישן טורמע־סעקרעטאַר. איינער פון די אָפיצירן האָט אַריינגעקוקט אין אַ ליסטע און אויסגערופן:

— די דריי — האָט ער אויף אונדז אָנגעוויזן מיט אַ באַהענטשקעטן פינגער — איין און צוואַנציק טעג.

איין און צוואַנציק טעג — האָט נאָכגעזאָגט דער טורמע־סעקרעטאַר.

— און דעם אָ — האָט ער אָנגעוויזן אויפן אַלטן אַרעסטאַנט — איבערפירן אין דער קאַמער נומער 20.

די טיר האָט זיך פאַרשלאָסן. מיר האָבן זיך מיט אַן אָפּזיפץ אַראָפּגעזעצט. אַלע דריי, ווי מיר וואָלטן זיך געהאַט אָפּגערעדט, האָבן געבליקט צום גריבל אין שעניק, צום איינציקן צייכן, וואָס דער אַלטער אַרעסטאַנט האָט דאָ איבערגעלאָזט. אַ היפּשע ווײַלע האָבן מיר זיך אָנגעקוקט און געשוויגן.

פלוצלונג איז דער שמוגלער אויפגעשפּרונגען.

— מעסיע, איך האָב אַ גליקלעכע אידעע. איך וועל מיר דאָ מאַכן

אַ וואַנט־קאַלענדאַר. אויסשטעלן די איין און צוואַנציק טעג. יעדן אָוונט פאַרן לייגן־זיך וועלן מיר לויט דער ריי אויסשטרייכן דעם פאַרגאַנגענעם טאָג. ס׳וועט אונדז אַלע מאָל ווערן לייכטער.

געזאָגט און געטאָן. דער שמוגלער צייכנט אויף דער וואַנט איבערן טישל אַ קאַלענדאַר. איך מיטן פראַנצויזישן חתן־בחור זיצן און קוקן זיך איין.

— דער חשבון איז פערטיק — רופט דער שמוגלער אויס אַ דער־פרייטער — מיר ווערן פריי... ס׳פאַלט אויס אַ שבת אין דער פרי.

ער האָט זיך איינגעקוקט אין אונדזערע פנימער און אָנגעוויזן אויף מיר:

— נאַ, נעם דעם בלייער און שטרייך אויס דעם פאַרגאַנגענעם טאָג!

— מערסי! — האָב איך שטיל געזאָגט און אַ זיפץ געטאָן.

— וואָס איז? דו גלויבסט נישט?... מ׳האָט דאָך דיך אויף מער נישט פאַרמשפּט. האָסט דאָך נאָר־וואָס געהערט פון דייטשן אָפיציר...

—איר ביידע שטרייכט אייך אויס אייערע פאַרגאַנגענע טעג! איר זייט פראַנצויזן... איר וועט זיכער באַפרייט ווערן. איך אָבער... אַ פאָר־געפיל לאָזט מיך נישט...

— אַ פאָרגעפיל?... — האָט מיך דער שמוגלער אָנגעקוקט מיט מיטלייד — אָט האָב איך געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז כ׳וועל אין ניצע עסן מיטאָג. אָבער דערווייל האָב איך שוין געגעסן אין דריי תפיסות.

— איך ווידער — האָט זיך דער יונגער בחור אָנגערופן — האָב געהאַט אַ פאָרגעפיל, אַז דעם ערשטן אָוונט פון מיין אָנקומען קיין ניצע וועל׳ך מיט מיין ראַשעל טאַנצן אין אַ דאַנסינג. און איר זעט דאָך, וו איך טאַנץ...

— אוודאי קען אַ פאָרגעפיל אַ מאָל פאַרפירן — האָב איך ווי צו זיך גערעדט — אָבער דאָס מאָל... מיין האַרץ זאָגט מיר, אַז די איין און צוואַנציק טעג, ווייל זיי זענען גילטיק פאַר קריסטן, זענען זיי במילא נישט קיין יידישער חשבון...

— אויב אַזוי — האָט זיך דער שמוגלער אויפגעכאַפּט — לאָמיר זיך וועטן אויף... איך פאַרזיכער דיר, אַז נישט בלויז וואָס דו וועסט מיט אונדז צואַמען באַפרייט ווערן, נאָר מיר וועלן נאָך אין שטאָט טרינקען צו גלעזלעך, דריי פאַרטיעס.

— איך וועל צום באַדויערן געווינען דעם וועט... אָבער מ׳וועט דאָך מיר סיי־ווי צונעמען דאָס געלט... ווילסט זיך דווקא וועטן, נאַ דיר מיין האַנט!

— נו, איצט קענסטו דאָך שוין אויסשטרייכן דעם הייַנטיקן טאָג.

איך האָב בלית־ברירה אויסגעשטראָכן דעם טאָג. די צוויי פראַנצויזן האָבן מיר פאַר פרייד אַפּלאָדירט.

מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן. ס׳איז אין אונדזער קאַמער שטילער און פינצטערער געוואָרן.

איך האָב מיך גאַנץ לאַנג געוואָרפן אויף מיין געלעגער, ביז איך בין אַ פאַרמאַטערטער איינגעשלאָפן.

* * *

דער לאַנג־דערוואַרטעטער שבת אין דער פרי, דער טאָג פון באַפרייט ווערן, איז נאָך פיל שווערע איבערלעבענישן עגדלעך געקומען. מ׳האָט אונדז טאַקע אַלע דריי אַראָפּגעפירט אין דער טורמע־ביוראָ. מ׳האָט אונדז אָפּגעגעבן די פּאַסקעס, די שנורוואַדלעס, און דאָס געלט, וואָס מ׳האָט אונדז געהאַט צוגענומען.

— שרייבט אונטער!

דאָ האָב איך זיך צוזאַמענגעטראָפן מיטן שמוגלערס צעשטראַלטן בליק.

— כ׳האָב דיר געזאָגט, אַז דו וועסט פאַרשפּילן. גיב אַהער דאָס געלט פון וועט!

— גיב אים מיט פרייד ! — האָט מיך דער יונגער בחור אַ שטויס געטאָן מיט אַ לאַכעדיק, גליקלעך פּנים.

— איך האָב טאַקע פאַרשפּילט — האָב איך אַ שמייכל געטאָן און גענומען אויסציילן.

אָבער ווי נאָר איך האָב אָנגעהויבן ציילן, האָט זיך פון אַ ווינקל אַרויסגערוקט אַ הויכער, פולבלוטיקער פאַרשוין אין אַ לעדערנעם דריי־פערטלדיקן מאַנטל. ער האָט אויף מיין אַקסל אַרויפגעלייגט אַ שווערע לאַפּע.

— קום מיט מיר !...

די צוויי פראַנצויזן האָבן זיך מיט שרעק פון מיר אָפּגערוקט.

פּאַריז, יוני 1960

# דער טורעם פון גראסראזען

ס'איז געווען אין אַ בלויער, געדיכט־אויסגעשטערנטער נאַכט פון מאַי 1945, בעת עליאַש ריינהאַרץ האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן באַלקאָן פון אַ קופּאָלאַרטיקער געביידע, וואָס איז געשטאַנען ביים ראַנד פון דער־שטאָט און האָט געהערט צום דייטשן דאָקטאָר, יאָהאַן שולטץ.

ס'האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער חלומט מיט אָפענע אויגן.

ערשט אַ טאָג פריער איז ער נאָך געווען אַ קאַצעטניק. און איצט, נאָך איין זון־אויפגאַנג און אונטערגאַנג זיצט ער גאָר, ווי דורך עפּעס אַ כישוף, אין אַ ווייכן פאָטעל אויף אַ באַלקאָן באַדעקט מיט טעפּיכער, ביי אַ טישל אונטער אַ קאָלירטן פּאַראַסאָל. אַרום אים — גרויסע און קליינע בלומענטעפּ. די פּאַרטריקנטע בלעטער, דאָרשטיק נאָך אַ טרונק וואַסער, בייגן זיך צו דער ערד ווי קעפּ פון לעבעדיקע באַשעפענישן.

ער הערט זיך איין אין דער נאַכט־מוזיק, וואָס דערטראָגט זיך פון דער וואַלדיקער שטילקייט, פון די לאַנגע שורות טאָפּאָלן ביי שאָסיי, פון די פריש־אויפגעלעבטע בלומען, פון די לאַנקע־גרעזער, פון די שכנות־דיקע קוקורוזע־פעלדער און פון די נאַכטיגאַלן, וואָס שפּילן נאָך אין מאַי־אַ מחיהדיק נאַכטווינטל ווייעט איבער זיין קאָפּ. ער אָטעמט טיף איין

די שאַרפֿע בלומען־ און ביימער־ריחות, ווי ער וואָלט געטרונקען אַלטן, שטאַרקן וויין, אָבער ער ווערט פֿון דער אַרומיקער שיינקייט נישט שיכור, נאָר וואָס אַ מאָל ניכטערער און ניכטערער.

ערשט איצט נאָך אַלע יאָרן קאַצעט־לעבן מאַטערט אים אַ פֿראַגע:

„צי זענען אַ מאָל די אומגעקומענע חברים נישט געווען שענערע מענטשן ווי איך? בין איך דען לעבן געבליבן על פּי נס? איך מוז דאָך מודה־זיין, אַז איך האָב זיך געלאָזט פֿאַרוואַנדלען אין אַן עקלהאַפֿטיקער שלאַנג, אויף וועלכער יעדער שטיוול קען טרעטן. האָב איך זיך דען נישט ווי יענע שלאַנג בשעת הסכנה אַריינגענורעט אין דער ערד?

הגם ער האָט געפֿילט אַ מידקייט, נאָך זיך אַוועקצוואַרפֿן אויף דער ערד און איינשלאָפֿן, האָט אים עפּעס אַן אינערלעכע געקרענקטקייט און אומרו געגומען טרייבן.

ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט, אַראָפּגענומען פֿון טישל דאָס טאַשן־לעמפּל און אַריינגעשפּאַנט אין דאָקטאָרס וווינונג. די עלעקטרישע דראָטן זענען געווען איבערגעשניטן. ער האָט זיך גענומען אַריינשלייכן אין דער טונקלקייט; אָנגעצונדן און אויסגעלאָשן דאָס באַטעריע־לעמפּל; געגאַנגען פֿון שטוב צו שטוב. ס'האָבן פֿאַר אים אויפֿגעבליצט אויף די ווענט: גאָלדקווייטן אויף שוואַרצן סאַמעט; ווייסע טירן מיט מעשענע קליאַמקעס; אומעטום, וו ער האָט געוואָרפֿן אַ שיין פֿון באַטעריע־לעמפּל, האָט ער דערזען קונסט־בילדער אין מאַסיווע ראַמען, נאַכטלאָמפּן אונטער מולטיקאָלירטע אַבאַזשורן, צעעפֿנטע ווי דאַמען־שירעמלעך; זשיראַנדאָלן, קרישטאַלענע וואַזעס, ווי שוואַנען־העלדזער, מיט טויטע רויזן; אַשנבעכערס מיט האַלבע ציגאַרן; קרעדענצן מיט אַ צעפֿינקלט גלאָזוואַרג און פֿאַר־צעליי־געפֿעס מיט מאָלערייען.

ער איז געבליבן שטיין ביי אַן אָפֿענער, אויסגעליידיקטער שאַנק, וואָס האָט מיט איר גלאַנציקער העל־ברוינער פּאָליטור דערמאָנט אין פֿידל־האָלץ.

ער האָט פֿאַרמאַכט די שאַנק. מיטן אָנגעצינדענעם לעמפּל איז דער האַנט איז ער געבליבן שטיין ווי פֿאַרשטיינערט. אין שאַנק־שפּיגל האָט ער דערזען אַ פֿרעמדן שאָטן... ס'איז אים געקומען אויפֿן געדאַנק, אַז אין

קאַצעט האָט מען אויסגעטוישט זיין שאָטן, וואָס איז מער צו אים גופא נישט ענלעך... ער האָט פאַרלאָשן דאָס לעמפּל. דער שפּיגל איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ שטיק באַזילבערט גלאָז, באַהויכט מיט אַ שוואַרץ־בלויער נאַכט־חשכות. ער האָט ווידער אָנגעצונדן ליכט. דער פרעמדער שאָטן איז שוין ווידער דאָ... און בעת ער נעמט אַוועקשפּאַנען, שלייכט זיך דער שאָטן אַרויס פון דער טיר־ראַם און פאַרלויפט אים פאָרויס דעם וועג.

אין וואַרטזאַל זענען די פּאַטעלן און טישלעך געלעגן איבערגעדרייטע, מיט די פיס אין דער הויך. אין שלאָפצימער איז דאָס בעטגעוואַנט גע־ווען צעוואָרפן אויפן פּאַרקעט. אין באָדצימער איז אין וואַנגע געזעסן אַ גרויסע ליאַלקע. צופוסנס פון די קאָרידאָרן־הענגערס האָבן זיך געוואַל־גערט מענער־ און דאַמען־קליידער, אַ גרינער קאַפּעליוש מיט אַ פעדער. אויף דער וואַנט איז געהאָנגען אַ יאַגד־ביקס, די לופע געווענדעט צו אַ הירשן־קאָפּ מיט געדרייטע פערלמוטערנע הערנער.

עליאַש איז אַריין אין דאָקטערס קאַבינעט, באַלויכטן דעם גרויסן ראַדיאָגראַפישן אַפּאַראַט, און דערזען אַ קראַנקן־בעטל, איבערגעצויגן מיט אַ ווייסער צעראַטע. דאָ איז געמיטלעך געשלאָפן דעם דאָקטערס קאַץ, וואָס האָט זיך אַ דערשראָקענע איבערגעוועקט און עליאַשן געגומען באַ־טראַכטן מיט אירע גרינע פאָספאָר־אויגן.

ווי נאָר ער האָט זיך דערנענטערט צו דער קאַץ, איר געוואָלט אַ גלעט טאָן, איז זי האַסטיק אַראָפּגעשפּרונגען פון קראַנקן־בעטל און מיט אַ מיאַוקען גענומען אַרומקריכן אין די פאַרשטומטע צימערן.

דאָס בענקענדיקע מיאַוקען פון דער קאַץ האָט טיף אָפּגעשלאָגן אין עליאַשעס האַרץ. ער האָט זיך גענומען מאַכן פאָרווורפן:

„וואָס בין איך עפּעס דאָ אַליין אין אַזאַ גרויסער וווינונג ? ערשט נעכטן זענען מיר געווען 36 מאַן אין איין ענגן, שמוציקן באַראַק, און היינט האָב איך שוין דאָ נישט געקענט פאַרטראָגן נאָך אַ חבר ? אוי, מענטש !“

און ווי די איינזאַמקייט וואָלט אים מיט אַ מאָל גענומען יאָגן — איז ער ווידער אַרויס אויפן באַלקאָן.

פון דער שטאָט האָבן זיך דערטראָגן יידישע קולות. פון אַ קאַזאַר־מע האָבן זיך אַרויסגעהערט מיליטערישע לידער, באַגלייט פון מאַנדאָ־לינעס.

נישט לאַנג טראַכטנדיק, איז ער אַראָפּגעגאַנגען, אויפזוכן אַ לאַגער־חבר. אָבער אַריינקומענדיק אין גאָרטן, וואָס האָט ווי אַ בלומענקראַנץ אַרומגעגאַרטלט די געביידע, האָט ער אַ שטאַרקן ציטער געטאָן. אויפן נאַכטיק־טונקעלן גראָז האָט ער באַמערקט אַ העלן פלעק פון אַ לאָמפּ. פון אַ פענצטער הינטער פאַרצויגענע פאָרהאַנגען האָט ער דערזען ליכט.

— וואָס טוט זיך דאָ? זאָל דאָ וווינען נאָך אַ קאַצעטניק?

מיטן לעמפל אין דער האַנט האָט ער זיך דערנעענטערט צו דער טיר און אָנגעקלאַפּט. ס'האָט אים קיינער נישט געענטפערט. אַ נייגעריקייט, געמישט מיט שרעק, האָט אים גענומען באַהערשן. ער האָט געעפנט די טיר און איז פאַרזיכטיק אַריינגעגאַנגען. דער שיין פון אַ לאָמפּ האָט אים אַריינגעפירט אין אַ שלאָפצימער. ער איז געבליבן שטיין אַ געפּלעפטער. אין בעט איז געלעגן אַ זקנה מיט אַ געל־איינגעשרומפן פנים. איר האַלדז האָט אַ קריי געטאָן:

— דערשיסט מיך נישט!

ווער זייט איר? — האָט עליאַשעס שטימע נאָך געציטערט פון איר אויסגעשריי.

— אַ דייטשע פרוי. איך הייס שילדקראַוט.

— אַ דייטשע פרוי? טאָ ווי קומט איר דאָ אַהער? די באַפעלקע־רונג איז דאָך אַנטלאָפן, ווען מ'האָט אָנגעהויבן באָמבאַרדירן ברעסלאַו. אין דער פרי, בעת מיר האָבן פאַרלאָזט אונדזער קאַצעט, האָט מען אונדז פאַרזיכערט, אַז אין שטאָט געפינען זיך נישט קיין דייטשע איינוווינער.

די אַלטינקע האָט מיט אויסגעלופּטע, פייכטע אויגן אָנגעקוקט עליאַשן. איר מויל איז אַ היפּשע ווײַלע געבליבן אָפן.

— זי זענען דאָך... מיינע צוויי טעכטער... די מענער אויף די פראָנטן... האָבן מיך איבערגעלאָזט... איך האָב אַ ביינער־קראַנקייט... זיי האָבן מיך

נישט געוואָלט מיטשלעפּן. פינף און זיבעציק יאָר אַלט. וואָס זאָלן זיי טראָגן? אַ פּעקל אַלטע ביינער? אָבער גאָט פאַרלאָזט נישט. מיין אייניקל, ליזע, גראָד די סאַמע יינגסטע איז היינט נאָכמיטאָג צוריקגעקומען זען, צי כ׳לעב. זי איז געלאָפן צו דער אַפּטייקערין, צום שפּיטאָל. איך ווייס נישט צו וואָס. געגוג, געגוג! איך וויל מער גאָרנישט. ייִנגערע מענטשן זיינען אין דעם קריג אומגעקומען. כ׳וואָלט שוין גערן געוואָלט איינשלאָפן... דעם אייביקן שלאָף...

עליאַש איז געבליבן אַ פאַרשטומטער. ער האָט ווי פאַרגעסן, אַז ס׳רעדט צו אים אַ דייטשע פרוי. געהערט האָט ער נאָר דאָס ציטערנדיקע קול פון דער זקנה. דאָס טונקל־ברוינע הילצערנע בעט האָט אויף אים געווירקט ווי אַן אָפן קבר. אָבער נישט פאַרגינענדיק דער דייטשער פרוי זיין יידישן מיטלייד, וואָס האָט זיך געוועקט אין זיין האַרץ און דערשטיקט דאָס נקמה־געפיל, איז ער מיט שווערע טריט צוריק אַרויף אין דאָקטערס וווינונג, זיך אויסגעבעט אויף אַ קאַנאַפּע און געלייגט שלאָפן.

אַרום צוועלף אַזייגער האָט אים אַ לייכט קלאַפּן אין דער טיר אויפגעוועקט. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אַן איבערשראָקענער פון זיין קאָשמאַרנעם שלאָף.

דער שטאָטזייגער ביים ראָטהויז, וואָס האָט אַזוי מאַרודנע, אומעטיק אַריינגעקלונגען אין דער שטומער, טיף־בלויער נאַכט אַריין, האָט אים דערמאָנט אין קאַצעט, ווען זיין וועלט איז נאָך געווען פאַרצוימט מיט שטעכלדראָטן. ער האָט זיך אַרומגעקוקט, און געוואָלט לויפן מיט „יענע ווילדע טריט“, וואָס האָבן אָפּמאָל דערנענטערט צום טויט. ער האָט נאָך געהערט „יענע קולות“ און אַ בייזגעדרעפּטשע פון האָלצזוילן. אָבער דער וואַנטזייגער, וואָס האָט אַזוי ריטמיש־שפּילעוודיק געטיקטאַקעוועט, האָט אים דערמאָנט, וווּ ער געפינט זיך. דאָס לייכטע קלאַפּן אין דער טיר האָט זיך ווידער אַ מאָל דערהערט. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס טאַשןלעמפּל, האָט זיך אַ פאַרשלאָפענער צוגעשאַרט צו דער טיר און זי פאָרזיכטיק אויפגעשפּאַרט.

אויף דער שוועל איז געשטאַנען אין אַ געבלימלט נאַכטהעמד אַ הויך, שלאַנק מיידל. אין דער האַנט — אַ נאַפטלאָמפּ מיט אַ דין, בלוי מילכגלאָז, וואָס האָט געוואָרפן אַ מאַטע שיין אויף דעם מיידלס אויסגע-

בלייכטע באַקן, אירע האָר זיינען געווען צעלאָזן איבער די אַקסלען. פון די בלוי-גרינע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ שרעק. איר אונטערשטע ליפּ האָט געציטערט.

— אַנטשולדיקט, גענעדיקער הער, אַנטשולדיקט! — האָט דעם מיידלס שטימע געקלונגען ווי אַ געבעט, — מיין גרויסמוטער... בעט אייך זייער... זייט אַזוי פריינדלעך און קומט אַראָפּ!... זי פילט זיך שלעכט...
— האָט דאָס מיידל אָפּגעהאַקט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— איך ווין טאַקע אין דאָקטאָר שולטץ'ס וווינונג, אָבער איך בין דאָך נישט קיין דאָקטאָר.

— אָ, זאָגט אונדז נישט אָפּ! — האָט דאָס מיידל גענומען שלוכצן.
— איר זייט דאָך דאָ דער איינציקער מענטש אין הויז.

— מענטש? — האָט עליאַש זיך פאַרקרומט. — איך בין דאָך אַ ייד, אַ קאַצעטניק.

— איך ווייס גאָרנישט. — האָט דאָס מיידל געשלונגען טרערן. — איך בעט אייך, מיין גרויסמוטער בעט אייך, קומט אַראָפּ, דערבאַרעמט אייך, קומט אַראָפּ!

בעת עליאַש האָט געשטעלט דעם ערשטן טראָט, איז דאָס מיידל גע-לאָפן פאָרויס מיט דער לאָמפּ אין דער האַנט און באַלויכטן זיינע טריט.

ביי זיין אַריינקומען האָט די זקנה געוואָרפן אויף עליאַשן אַ טויט-אַנגסטלעכן בליק און מיט אַ שווערן אָפּזיפץ געזאָגט:

— איך האָב נאָך אייך געשיקט... דאָס אָפּשטאַרבן קומט מיר אָן שווער... מיין מוטער איז אויך שווער אָפּגעשטאָרבן... זי האָט דעמאָלט געשיקט נאָך אַ פּאַסטאָר...

— בין איך דען אַ פּאַסטאָר? — האָט עליאַש שטיל געזאָגט און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— איך ווייס, אַז איר זענט אַ ייד — האָט די אָפּשטאַרבנדיקע גע-רעדט, ווי זי וואָלט איר קול נישט אַרויסגעלאָזט פון מויל, נאָר צוריק פאַרשלונגען אין דער קעל. זאָגט מיט מיר כאָטש אַ פּאָר ווערטער פון אייער ביבל!

— מיין מוח איז אין די קאַצעטן טעמפּ געוואָרן... איך קען אייך נאָר עפּעס דערציילן פון די דייטשע גיהנום׳ס. אָבער דאָס קען דאָך דערשטיקן.

— איך בעט ביי אייך נישט עפּעס אַנדערש... זעצט אייך, וועט זיך מיר דוכטן, אַז דער פּאַסטאָר ברענגט מיר דעם לעצטן טרייסט.

— אין קאַצעט גראָסראָזען, — האָט עליאַש גענומען דערציילן — וואָס געפינט זיך נישט ווייט פון דאַנען, האָבן די נאַציס אויפגעשטעלט אַ טורעם מיט געדרייטע שטיגן. דער טורעם איז געווען באַשטימט פאַר אונדז, יידן. ווען איינער פון די קאַצעטניקעס האָט זיך מיט איין אויגנבליק פאַרשפּעטיקט בעתן באַפּעל: „מיצן אַפּ!“, אָדער ווען מ׳האָט ביי אַ קאַצעטניק געפונען אַ פאַרפוילט מייערל, אַ געפרוירענעם קאַרטאָפל, איז ער פאַראורטיילט געוואָרן צו לויפן אויפן טורעם. אין וויפל מינוטן ער מוז דערלויפן ביז צום שפּיץ טורעם, איז געווען אַ פראַגע פון שיקזאַל. איינער האָט געקענט באַקומען פינף מינוט, אַ צווייטער — דריי מינוט, אַ דריטער — צוויי מינוט. אונטן, צופוסנס פון טורעם, זענען געשטאַנען שוואַרץ-געקליידעטע נאַצי-יונגען מיט די בראַונינגס אין די הענט; איי־נער האָט געקוקט אויפן זייגער און די אַנדערע האָבן נאָכאַנאַנד אַראָפּ־געשאָסן די פאַרשפּעטיקטע שטראָפלינגען.

איך אַליין בין אויך אַ מאָל געווען פאַראורטיילט צו לויפן צום שפּיץ טורעם אין דריי מינוט. איך האָב דעמאָלט פון דער גוטער דייטשער דערנערונג זיכער נישט מער געוויגן ווי אַ קינד. אַ פאַרביסענע נאַטור, בין איך מיט אַלע מיינע פאַרבליבענע קרעפטן און ווי אַ טייוול דער־לאָפן אין דריי מינוט טאַקע ביז צום שפּיץ טורעם. אָבער ווען כ׳בין אַראָפּגעגאַנגען אַ דערשעפּטער אָן אָטעם, און אויסשפּייענדיק אַ שטיק בלוט, האָבן די שוואַרצע הענקערס זיך הילכיק צעלאַכט:

— „דו האָסט אונדז באַשווינדלט, הימלסהונט! ביסט געלאָפן דריי־פיר שטיגן מיט אַ מאָל. איצט נעם דיר אַליין א פוסבענקל׳ען און לייג דיך אַוועק אין מיטן אַפּעל-פּלאַץ. דו באַקומסט צוואַנציק שמיץ אויפן הוילן הינטן...

זיי זענען געווען זיכער, אַז נאָך די צוואַנציק שמיץ וועל איך זיך אַראָפּגליטשן פון דעם בענקעלע אַ דערהרגעטער... וועלכער כוח ס׳האָט

מיך דעמאָלט נאָך אויפגעהויבן, קען איך נישט פאַרשטיין און כ׳וועל עס שוין קיין מאָל נישט פאַרשטיין...

ביי די ווערטער האָט זיך דאָס מיידל צוגעשאַרט צו עליאַשן און באַוירנדיק אים קוים-קוים ביים אַקסל, האָט זי מיט ציטערדיקע ליפּן און מיט אַ פאַרשלונגענעם אָטעם געזאָגט:

— צו וועמען רעדן זי, מיין גרויסמוטער איז שוין טויט!

עליאַש האָט אויפגעציטערט. ער האָט געזען דעם מיידלס פּנים באַגאָסן מיט טרערן. זי האָט אַנידערגעקניט ביים בעט און געקושט דער אַלטינקערס רעכטע האַנט, וואָס איז געבליבן ליגן אויף דער דעק מיט אַן אָפענער דלאָניע, ווי אַ שיסעלע. און אין דעם דאָזיקן ביינערדיקן קאַלטן שיסעלע איז אַריינגעפאַלן דעם יונגען מיידלס אַ וואַרעמע טרער.

עליאַש האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט, צוקנדיק מיט ביידע אַקסלען. ער איז מיט לאַנגזאַמע טריט אַוועק פון טויטנבעט. פאַר זיינע אויגן זיינען געבליבן פינקלען די צוויי דריבניטשקע פערעלעך אין דער זקנה׳ס אויערן, וואָס זענען אין איין רגע מאַטער געוואָרן, ווי מיטגעשטאָרבן. הערנדיק הינטער זיך באַרוועסע טריט, האָט ער ביי דער טיר אויסגעדרייט דעם קאָפּ און געפרעגט:

— וו גייסטו?

— איך גיי מיט אייך! — האָט דאָס מיידל געכליפּעט — איך קען דאָך דאָ נישט בלייבן אַ גאַנצע נאַכט מיטן טויט...

— מיליאָנען פון אונדזערע מיידלעך זענען געבליבן מיטן טויט... בלייב דו אויך... — האָט ער פאַוואָלינקע פאַרמאַכט די טיר, וואָס האָט אַ סקריפּע געטאָן, ווי אַ טויטן-קאַסטן.

פאַריז, 28 אָקטאָבער 1960.

# לייבל ראַשקעס

ס'איז געווען נאָך האַלבן חודש אַפּריל. די נאָכמיטאָג־זון האָט העלבלענדיק געשיינט. אַ לויטערער, דורכזיכטיקער הימל, אַדורכגעשטרייפט מיט געקאַרבטע, ווייסע וואָלקנדלעך, האָט אַזוי שלווהדיק אַרומגענומען דאָס שטעטל מיט די הענגל־בריקלעך איבערן שפּיגלדיקן טייך. די נידעריקע פֿאַרשיידנקאָליריקע הייזקעלעך האָבן זיך געטוליעט אין אַ געפּלעכט פֿון צווייגן, וועמענס קנאָספּן האָבן ווי מיט פֿאַרמאַכטע אויגן שוין אויסגעקוקט דעם קומענדיקן פֿרילינג.

דער דאַמען־שניידער לייבל ראַשקעס, אַ ווייס־האָריקער, מיט אַ פֿאַררונדיקטער פּלייצע, האָט זיך מיט האַסטיקע טריט אַדורכגעשטופּט דעם אַרויסגאַנג פֿון אַ פּראָווינצער טונקל וואָקזאַלעכל.

אונטערן רעכטן אָרעם האָט ער געהאַלטן אַ שוואַרץ פּעקל מיט אַ ווייסער גריווע, אונטערן לינקן — אַ מאַסקע.

לייבל ראַשקעס האָט זיך אַרומגעקוקט. אינעם שטעטלדיקן הינטערגרונט האָט ער דערבליקט נייע הויכע קאַנטיקע בלאָקן. אַ שורה ווענעציאַנישע פֿענצטער, וואָס האָבן זיך געשפּיגלט אין דער זון, האָבן אים פֿון דער ווייטנס אַ בלענד געטאָן.

„יאָ, דאַרף מוז עס אוודאי זיין. דאַרף ווינט מיין טאָכטער".

אָבער באַלד האָט פאַר אים אויפגעטויכט אַ גאַטיש קלויסטערל. דער באַגילדעטער צלם אויפן שפּיץ פון אַ טורעמל האָט אים אַ שטאָך געטאָן.

ער האָט לאַנגזאַם געגומען שפּאַנען צו די נייע בלאָקן. גייענדיק, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז מלחמה־צייט, נאָכן אַנטלויפן פון פּיטיווע, האָט ער זיך געפּלעגט אַזוי אַרומבלאָנקען איבער פרעמדע שטעטלעך און דערפער. און הגם ער איז דעמאָלט געווען פאַרשטעלט פאַר אַ פּויער, מיט אַ פאָר פאַרמיסטיקטע הילצערנע טרעפּעס אויף די פיס און אַ זאַק אויפן אַקסל, האָט זיך אים תמיד אויסגעדוכט, אַז פון יעדן ווינקל רוקט זיך עפּעס אַרויס אַ געשפּענסט, וואָס דערקענט אין אים דעם ייד און וועט אים אַוועקפירן צו דער געשטאַפּאָ.

איצט איז אים די שטעטלדיקע פרעמדקייט געווען היימיש. ער דאַרף פאַר קיינעם נישט קיין מורא האָבן. פונדעסטוועגן האָט ער אָפּגעפילט, אַז ער האָט יאָ פאַר עפּעס מורא.

„מיין אייניקל איז שוין אַלט זעקס יאָר און כ׳האָב נאָך מיט מיין איידעם נישט אויסגערעדט קיין וואָרט...״

ער האָט זיך פּאַוואָלינקע דערנענטערט צו די נייע בלאָקן, געבליבן שטיין אויף אַ רחבותדיקן הויף, מיט הויכע, שפּיציק־אויפגעטורעמטע זאַמדבערג, אַרום וועלכע ס׳האָבן זיך מיט גרויס געפּילדער געשפּילט יונגע קינדער. ער האָט זיך אַ ווײַלינקע איינגעקוקט, מיינענדיק, אַז ער וועט דאָ דערזען זיין אייניקל. פרעמדע מענטשן זענען אַנטקעגנגעקומען און האָבן אים מיט נייגעריקייט באַטראַכט. ער האָט נאָכגעזען דעם הויזבומער און אַרויפגעבליקט אויפן צווייטן שטאָק, דערקענט זיין ראַשעלס מאַנטל, וואָס האָט אים געדופן און געשראָקן צוזאַמען... ער האָט זיך תחילת אַ ריס געטאָן פון אָרט, באַלד זיך געהאַמעוועט. לסוף איז ער מיט שווערע טריט אַרויפגעגאַנגען.

ער איז שטיינגעבליבן פאַר אַ מעשן טעוועלע מיטן אויסגעקריצטן נאָמען :

Mme et M. JOINEAU.

זיין טאַכטער האָט געעפנט די טיר. זי האָט אַ שטאַרקן ציטער גע־טאָן און זיך צוריקגעצויגן.

— דער פּאַ־פּאַ ? ! וואָס איז געשען ? אפשר די מאַמאַ ?...

— שרעק דיך נישט, ראָשעל ! כ'בין געקומען זען דיין נייע וווינונג.
— איז איר דער פּאָטער געפאַלן אויפן האַלדז.

ראָשעל איז אַלץ נאָך געשטאַנען אַ צעטומלטע, אַ מטושטשדיקע. אין אירע גרויסע שוואַרץ־סאַמעטענע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט מער שרעק ווי פרייד. אָבער באַטראַכטנדיק איר פאָטער, וואָס איז געשטאַנען אויף דער שוועל אַזוי אומבאַהאָלפן און אומדרייסט, גלייך ווי ער וואָלט על פּי טעות אַריינגעפאַלן אין אַ פרעמדער דירה, האָט עס איר פאַרקלעמט ביים האַרצן.

— וואָס שטייסטו ביי דער טיר, פּאַפּאַ ? דו ביסט דאָך ביי דיין טאָכטער. קום מאַקע באַקוקן די וווינונג — האָט זי געזאָגט. — זע, ווי גרויסאַרטיק כ'האָב זיך איינגעאָרדנט.

לייבל ראשקעס איז איר אַ צעשטרייטער נאָכגעגאַנגען, צימער איין, צימער אויס. די שטובן האָבן געשימערט מיט פרישע פאַרבן און ניי־בלאַנקענדיק מעבל. ער האָט יעדעס צימער באַטראַכט מיט אַן אָפן מויל און שווער אָפּגעאָטעמט.

שטייענדיק אַזוי פאַרגאַפט אין קינדער־צימער, האָט פּלוצלונג ערגעץ אַ קלאַפּ געטאָן. ראָשעל האָט אויפגעציטערט, אָנגעכאַפּט זיך אין פאָ־טערס אַקסל. זי האָט געמיינט, אַז ס'איז ווער אַריינגעקומען.

אַ באַרואיקטע האָט זי דעם פאָטער אַריינגעפירט אין אויפנאַם־צימער. לייבל ראשקעס האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער ביבליאָטעק־שאַנק. ער האָט זיך פאַוואָלינקע אָנגעטאָן די ברילן און באַטראַכט די אויפשריפטן אויף די גאָלד־ און זילבער־געלייזטע רוקנס. זיינע אויגן האָבן עפּעס גע־זוכט. ער איז מיט אַ דערשטיקט זיפצל צוגעגאַנגען צום געדעקטן טיש, און האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אויף אַ ווייך־געבעטן שטול.

— כ'האָב אויך אַ שטיקל ביבליאָטעק, אָבער... כ'בין דיך נישט

געקומען פייניקן... ס'זאָל דיר דאָ זיין מיט גרויס מזל! כ'האָב פון דיר באמת גרויס נחת, טאָכטער מיינע!

— טאָ פאַרוואָס האָסטו אַזוי לאַנג געוואַרט. אין יענער וווינונג אויפן אַלטן מאַגמאַרטר ביסטו מיך קיין מאָל נישט געקומען זען. ס'קינד? כ'האָב עס דיר כסדר געמוזט ברענגען צו ווייזן. ס'וועט דיך אפשר גאָר־נישט דערקענען. ס'וואָלט שוין, כ'לעבן, צייט געווען, אַז דער ברוגז מיט מיין מאַן... — האָט זי אָפּגעהאַקט.

דער פאָטער איז געזעסן אַ שווייגנדיקער און האָט מיט פאַרזשמור־רעטע אויגן באַטראַכט זיין שיינע ברונעטע טאָכטער, וואָס האָט נאָך אין זיינע אויגן אויפגעהאַלטן דעם קינדערישן חן און דעם אומשולדיקן בליק, אַקוראַט ווי ער וואָלט זי אָקאָרשט אָפּגעוואַרט ביים טויער פון לאַמאַר־טין־ליציי.

— כ'בין צופרידן, וואָס דו זעסט גוט אויס, ראַשעל! — האָט דער פאָטער זיך דערפילט היימישער און פאַררויכערט אַ ציגאַרעט.

— ביי מיין מאַן איז דען פאַראַן אַ צו טייערע זאַך פאַר מיר? כ'גיי מאַכן אַ גלעזל טיי, פּאַפּאַ, אפשר אַ גלעזל ליקער מיט אַ קיכעלע? ניין, כ'וועל פריער אָנשטעלן דעם פּיקאָפּ. כ'האָב שיינע יידישע דיסקן.

— מ'דאַרף גאָרנישט, ראַשעל. אַ גלעזל טיי, מילא. דער קאָפּ דרייט זיך מיר עפּעס...

— פילסט זיך נישט גוט, פּאַפּאַ?

— מיד, מיין קינד... מ'ווערט אַלט... אויסגעהאָרעוועט... די מלחמה ליגט אין די ביינער... די פיס זענען אין די טריבע וועטערן ווי געליימט... מ'דאַרף זיך שוין אַרומדאָקטערן...

— די מאַמע האָט מיר געזאָגט.

ראַשעל איז אַריין אין דער קיך און אָנגעצונדן די גאַז־מאַשינקע, זיך דאָרטן אַ ווײַלע געזוימט און ווידער אַריינגעקומען אין אויפנאַם־צימער. דאָ גענומען אַרומפּלאָטערן. אַ שעלקע פון איר קורצינק בלוי קיכן־שירצל איז איר נאָכגאַנד אַראָפּגעפּאַלן פון רעכטן אַקסל. אירע פעך־שוואַרצע האָר זענען געווען צעפּלאָסן, צעפּלאָשעט. זי האָט אין גרויס איילעניש

אַראָפּגענומען פונעם קאַמין אַ קרישטאָלענע וואַזע מיט אַ גרויסן בוקעט ליליעס און איז אַוועקגעשטעלט אינמיטן טיש. זי האָט אויפגעשטעלט אַ טונקל-גרינעם טיי-סערוויס, אַ געפּילטן טאָרט און אַ קלאָש פּרוכטן.

איינגענאָסן דעם טיי, האָט זיך ראַשעל אַ צופרידענע אַוועקגעזעצט קעגנאיבער איר פאָטער. זי האָט אים באַטראַכט, געזען, אַז ער איז שוין גרוי ווי אַ טויב, די אויגן — אויסגעלאָשן. ס'איז איר געקומען אויפן געדאַנק, אַז זינט זי האָט חתונה געהאַט, איז דער פאָטער אַלט-געוואָרן.

גראָד אין דער רגע איז אַן אויטאָמאָביל מיט אַ הילכיקן געטרובע אריינגעפאָרן אין הויף אַריין. ראַשעל האָט זיך אַ פאַרצאַפּלטע אויפגעכאַפּט, צוגעגאַנגען צום פענצטער און האָט זיך אַרויסגעבויגן, אַ מאָל אויף רעכטס, אַ מאָל אויף לינקס, געבליבן שטיין אַן אויסגעבלייכטע, אַ שווער-אָטעמדיקע.

— וואָס האָסטו זיך אַוועקגעשטעלט ביים פענצטער ?

— אוי, ס'איז מיר שוין בעסער ! — האָט זי זיך צוגעלייגט די האַנט צום האַרץ. — כ'האָב געמיינט, אַז מיין מאַן איז אומגעריכטערהייט אָנגעקומען.

— און וואָס וואָלט געווען, טאָכטער מיינע, דו האַלטסט דען אין שטוב אַ פאַרברעכער ?

— כ'וואָלט נישט געוואָלט, אַז ער זאָל דיך דאָ טרעפן. — האָט זיך ראַשעל צוריקגעזעצט און האָט שווער אַנידערגעוואָרפן די הענט אויפן טיש. — ס'וועט שוין אפשר בלייבן אַן אייביקע שנאה.

— מענטשן האָבן מיך טאַקע געוואָרנט, — האָט לייבל ראַשקעס אַרויסגעזיפצט — אַז כ'זאָל זיך נישט אַריינמישן. כ'וועל נישט האָבן קיין טאָכטער, נישט קיין איידעם, נישט קיין אייניקלעך. כ'האָב שוין מער ווי איין מאָל חרטה געהאַט, וואָס סיי-ווי קען איך דאָך גאָרנישט ענדערן. אָבער כ'קען מיר נישט העלפן. מיין ווייטיק איז גרויס... נאָך אַזאַ שחיטה... מ'האָט געצלעך געוואָלט אויסברענען דעם ייד... דו מיינסט, טאָכטער, אַז היטלער איז געווען דער ערשטער אונדז צו מאָרדעווען ?

— ווער נאָך, פּאַפּאַ ?

— ס'האָט זיך נאָך אָנגעהויבן ביי יעזוסן. היטלער ימח שמו האָט נאָך נאָכגעמאַכט אַנדערע. ער האָט עס געמאַכט גרויזאַמער, ווייל ער האָט געוווסט, אַז די קריסטלעכע וועלט שווייגט...

— מיין מאַן איז דאָך נישט קיין גלויביקער קריסט, פּאַפּאַ. ער איז דאָך נאָר פון קריסטלעכן אָפּשטאַם, אַזוי גוט ווי איך בין פון יידישן אָפּשטאַם. מיר האָבן איין שפּראַך און איין קולטור.

— כ'האָב שוין די חכמה מער ווי איין מאָל געהערט. — האָט זיך דער פאָטער אויפגעכאַפּט און נערוועז גענומען שפּאַנען. — וויי און ווינד! מ'דערציט קינדער אין פראַנקרייך... מ'איז אפשר אַליין אויך אַ ביסל שולדיק.

— אוודאי! — האָט ראַשעל אויסגעשריגן. — ווען כ'בין געווען אַ קליין מיידעלע, האָט איר מיך אָנגענומען ביי דער האַנט און אַריינגעפירט אין אַ פראַנצויזישער שולע. אַ קינד האָט דאָך נישט קיין שכל. ווו מ'פירט עס, דאָרט גייט עס. איצט וואָלסטו געוואָלט, אַז כ'זאָל ווערן אַנדערש אָבער האָסט דאָך מיר שוין צענדליקער מאָל צוגעזאָגט, אַז מיר וועלן מער וועגן דעם נישט רעדן.

— דו מיינסט, טאָכטער, אַז איך רעד? מיין טויטער טאַטע רעדט פון מיר אַרויס, מיין זיידע און עלטער-זיידע רעדט. אָבער, איבעריקע רייד. לאָמיר אַוועקגיין! כ'וויל נישט, אַז ס'האַרץ זאָל דיר צוליב מיר ציטערן. נאַ, ראַשעל, נעם צו דאָס שפּילצייג פאַר מיין איניקל.

— אָ, וואָס פאַר אַ ווונדערבאַר פערדעלע! ס'קינד וועט זיך פרייען. אָבער די מאַסקע נעם צוריק, פּאַפּאַ! טויש זי אוים אויף אַ שאַכטל קאָלירטע בלייערס. פאַראַיאָרן פורים האָט מיין מאַנס חבר זשילן געברענגט אַ מאַסקע, איז ער אין איר געפאַלן און האָט זיך שיער נישט געהאַט אויסגעלענקט אַ פיסל.

— אויב אַזוי וועל איך זי טאַקע אויסטוישן. זיי געזונט ראַשעל!
— האָט זי דער פאָטער צאַרט אַרומגענומען, אַ קוש געטאָן אין שטערן, נאָך אַ מאָל זיך אַרומגעקוקט און זיך שאָטנדיק אַרויסגעשאַרט.

געשפּאַנט האָט ער אויפן שאָסיי מיט אַ האַסטיקן טראָט, גלייך ווי ס'וואָלט אים ווער נאָכגעיאָגט. פלוצלונג האָט אים אַ געדאַנק אָפּגעשטעלט:

„גיי צוריק, לייבל! שטעל דיך אַוועק ביים טויער אָפּוואַרטן דיין אייניקל. ווילסט עס דאָך זען“.

מיט פעסטע טריט איז ער צוריקגעגאַנגען. ס׳האָט טאַקע לאַנג נישט געדויערט, ווי קינדער-קולות האָבן געגומען פאַרהילכן די לופט, אַקוראַט ווי אַ וואַסערפאַל וואָלט מיט אַ מאָל אָנגעהויבן צו שטראָמען.

אַ גרופּע קינדער, ווי אַ טשאַטע פאַרביקע פייגעלעך, איז אַרויס פון דער שול-געביידע און זיך צעפלויגן אין פאַרשיידענע ווינקעלעך.

לייבל ראשקעס איז געשטאַנען מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ און גע־בלינצלט מיט די אויגן. קינדער-פּנימלעך האָבן פאַר אים פאַרבייגעשוועבט. און אָט איז טאַקע זיין בלאָנד אייניקל. מיט איין שפּרייז איז ער אוים-געוואַקסן ביים קינד. ער האָט עס אַ כאַפּ געטאָן אין די הענט אַריין, גע־גומען קושן און מיט אַ האַלב-פריילעכער, האַלב-וויינענדיקער שטימע געפּליסטערט:

— דער זיידע, זשיל, דיין זיידע!

דאָס קינד האָט אויף אים געוואָרפן אַן איבערגעשראָקענעם בליק און איז אַנטלאָפן.

— זשיל! זשי... איז לייבל ראשקעס געבליבן שטיין ווי אַן אוים-געהוילטער.

פאַר צעטומלעניש איז ער אַוועק אין אַן אַנדער ריכטונג און איז אַרויסגעקומען ביים ברעג טייך. ער האָט זיך שווערלעך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטיינערנער באַנק. די זון האָט מער נישט געשיינט. די אַרומיקע לופט איז געוועזן האַלב-שאָטנדיק, דעמערדיק. דער הימל — פאַרכמאַרעט. דער טייך איז געווען פאַרצויגן מיט אַ בלויער דורכזיכטיקער פאָגע. אַ שיטע־רע שערענגע זילבערנע און רויטע ווערבעס איז געשטאַנען מיט געבוי־גענע קעפּ צום וואַסער-שפּיגל. אַ יונג פּאָרל האָט זיך אויף אַ בריקל גע־טוליעט און געקושט.

„הייסט עס, אַז אויב איך וועל לעבן, קען אַ מאָל מיין אייניקל, שוין אַ דערוואַקסענער מענטש, פאַרבייגיין און קוקן אויף מיר ווי אויף אַ ווילדפרעמדן“.

לייבל ראשקעס האָט דערהערט אַ קינדעריש געלעכטער. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און באַמערקט אויף דער זעלבער באַנק אַן אָרעם געקליידעטע פרוי מיט אַ ייִנגעלע, וואָס שפּילט זיך מיט דער מאַסקע, וועלכע לייבל האָט נאָך אַלץ געהאַלטן אין דער האַנט.

ער האָט זיך אַ טרייסל געטאָן און שווער־אָטעמדיק זיך געוואָנדן צום ייִנגעלע:

— נאַ, מיין קינד! — האָט ער דעם ייִנגעלע דערלאַנגט די מאַסקע — א נפקא־מינא... דו אָדער מיין אייניקל...:

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, און מיט שווערפיסיקע טריט זיך אַוועקגעשלעפּט אין דער ריכטונג פון וואָקזאַל.

פּאַריז, פעברואַר 1960.

# די אלמנה און דער שומר

## פון אלטן פאלקלאר

ין דער ראָזיקער מדינה, וואָס האָט אין דער לעגענדע נישט קיין נאָמען, איז געווען אַ מנהג, אַז יעדער פאַראורטיילטער צום הענגען האָט זיך געמוזט הוידלען אויף דער תליה פולע ניין מעת-לעת.

די וועכטער, וואָס האָבן זיך יעדע צוויי שעה געטוישט, זענען געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן געהאָנגענעמס גוף. אויב מ׳האָט אַ מאָל אַ געהאָנגענעם אַראָפּגעגנבעט פון דער תליה, בכדי אים צו באַגראָבן געבן אַ משפּחה־קבר, האָט מען אויף דעם בר-מינגס אָרט, אָן שום משפּט, אויפגעהאָנגען דעם וועכטער.

איין מאָל איז אַ יונגער שיינער וועכטער געשטאַנען צופוסנס פון דער תליה און באַוואַכט אַ געהאָנגענעם. בעת ער האָט איבערגענומען די שמירה, איז דער טאָג ערשט אויפגעגאַנגען.

ס׳איז געווען אין אָנהייב פרילינג. די זון אין מזרח איז אויפגעגאַנגען, ווי אַ גרויסע פייערדיקע רויז וואָלט אַרויסגעשפּראָצט פון אַ בלוי שפּיגלדיק טייכל, באַגאָסן מיט אַ ראָזעווען אָפּשיין. אַרום און אַרום איז נאָך געווען בראשיתדיק שטיל. פונעם שכנותדיקן בית־עולם האָט זיך דערטראָגן אַ געשאָרך פון ביימער, אַ פויגל האָט שחרית־שירהדיק געשווישטשערט.

דער וועכטער, וואָס איז געשטאַנען ביי דער תליה, איז גראָד געווען געבענטשט מיט אַ פּאָעטישער נשמה. בעת ער האָט געוואָרפן אַ בליק צום מזרח־הימל און זיך איינגעהערט אין דער פרימאָרגן־מוזיק, האָט זיך אים אַליין, פאַר התלהבות, אויך געוואָלט עפּעס אויסזינגען. אָבער ווען ער האָט ווידער דערבליקט דעם געהאָנגענעם, איז אַ שוידער אַדורך זיין גוף. איגמיטן דעם אויפגאַנג פונעם אַרומיקן לעבן, קוקט אויף אים דער טויט מיט אַן אַרויסגעשטעקטער, שוואַרץ־בראַנדיקער צונג. ר׳האָט אַוועקגעשפּאַנט, אָבער דער טויט האָט אים נאָכגעקוקט מיט פאַרגלייזטע טיף־אַריינגעזונקענע אויגן־לעכער.

דער וועכטער איז געבליבן שטיין אַ דערשיטערטער. ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז ער גופא הענגט אויף אַ דינעם פאָדעם צווישן לעבן און טויט.

פּלוצלונג האָט ער דערהערט אַ וויינענדיקע פרויען־שטימע. תחילת — שטיל, כמעט ווי אַ ציטער פון אַ סטרונע. ביסלעכווייז איז דאָס קלאָגנ־ג׳יש געוואָרן שאַרפער און שאַרפער.

דער וועכטער איז געוואָרן אַזוי באַרוישט פון דער וויינענדיקער שטימע, אַז ער האָט האַסטיק געשטעלט אַ טראָט אין דער ריכטונג פונעם בית־עולם. דערמאָנענדיק זיך, אַז ער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן געהאָנגענעם, איז ער געבליבן שטיין. די פרויען־שטימע האָט אָבער טיף אַריינגעדרונגען אין זיין געביין און אים מיט אַ געהיימער קראַפט גערופן.

ער איז אַרויפגעגאַנגען אויפן בית־עולם. אַ שטאָט מיט האַלב־פאַרזונקענע מצבות און געדיכט־צעפּלאָנטערטע קוסטעס איז אויסגעוואַקסן פאַר זיינע אויגן. האַרט ביים טויער — אַ מיטה, אַ שפּיצהאַק, אַ שפּאַדלע און אַ קעסטעלע ווייס זאַמד. אַ לייכטער געלויש פון בלעטער האָט זיך געהערט פון דער אַרומיקער בית־עולם־שטילקייט.

ביי אַ פרישן קבר־בערגל האָט דער וועכטער דערבליקט אַ פרוי, איינגעהילט ביז איבערן קאָפּ אין שוואַרצע טולן, וואָס האָבן, ווי פליגל געפּאָכעט אין דער לופטן. פון אַ פאַרשאָטנטן אוהל האָט אַרויסגעבלינצלט די שיין פון אַ נשמה־ליכט, ווענענס פלעמל האָט ווי אַ גאָלד־שמעטערל אַרומגעשוועבט אויפן שוואַרצן טיול פון דער יונגער אלמנה.

אַ רגע איז דער וועכטער געבליבן שטיין אַ געפּלעפטער. ער האָט

דערזען, ווי די פרויען־פיגור באַוועגט זיך, ברעכט זיך די הענט. ער האָט אויפסניי דערהערט איר פאַרקלעמט קול, וואָס האָט געריידט צום בערגל ערד.

מיט לאַנגזאַמע, פאָרזיכטיקע טריט האָט ער זיך דערנענטערט צו דער פרוי, זי ליכט אָנגעריזרט ביים אַקסל און שטיל געזאָגט:

— אומבאַקאַנטע, באַרואיקט אייך.

די אלמנה האָט זיך נישט איינגעהערט אינעם ווערכטערס רייד. זי איז געשטאַנען אין דער זעלבער פּאָזע, מיט די אויגן געווענדעט צום בערגל ערד.

— ווי גרויס אייער ווייטיק זאָל נישט זיין, — האָט דער ווערכטער געזאָגט — קענט איר דאָך נישט פאַרבלייבן ביים פרישן קבר. איר זעט דאָך דאָ אין ערגעץ נישט קיין לעבעדיקן נפש.

די אלמנה האָט אַוועקגעשאַרצט איר שוואַרצן טיול פון די אויגן און האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן פרעמדן.

דער ווערכטער האָט תחילת אַ ציטער געטאָן. ער איז געבליבן שטיין מיט אַן אָפן מויל, ווי פאַרבלענדט פון דער יונגער אלמנה'ס שיינקייט.

— גאָט מיינער! — האָט ער נאָך אַ רגע שווייגן אויסגערופן. — איך זע איצט די שענסטע פרוי פון אונדזער מדינה. הערט אויף צו וויי־נען. איצט בעת איך האָב שוין דערבליקט דעם געפֿלעכן שיין אין אייערע אויגן, וועט יעדע טרער פאַלן אויף מיין האַרץ ווי אַ שטיין. קומט אַוועק פון קבר! איך וועל אייך באַגלייטן אַהיים. נעמט אָן מיין האַנט און מיין טרייסט!

די אלמנה האָט דעם ווערכטער דערלאַנגט די האַנט. ער האָט זי פּאַוואָליגקע אַרויסגעפירט פון בית־עולם.

צוקומענדיק צו אַ וועלדל, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— אפשר וואָלט איר אייך דאָ אַנידערגעזעצט אויפן ווייכן שמע־קעוודיקן גראָז אַ ביסל אָפּרוען! זעט, וואָס פאַר אַ וווּנדערבאַרן פרימאָרגן מיר האָבן היינט! אַלץ אַרום זינגט און שפּילט. דער הימל איז לויטער און פאַרבנרייך. די זון דערוואַרעמט און דערהויבט די נשמה.

דער וועכטער האָט אויסגעטאָן דעם מונדיר און אים אויסגעשפּרייט ווי אַ טעפּעך פֿאַר דער יונגער אלמנה.

זי האָט זיך אָוועקגעזעצט און געזאָגט:

— איך וואָלט געוואָלט, אַז איך זאָל פֿאַרלאָזן דאָס אָרט, ווו מיין אומגליק איז געשען, אָבער מיין טרויער ליגט דאָך נישט אין אָרט, נאָר אין הארצן.

— כ'וואָלט געוואָלט וויסן אייער נאָמען — האָט דער וועכטער געזאָגט און האָט זיך אויך אַראָפּגעזעצט.

— איך וויל נישט, אַז אַ פרעמדער מאַן זאָל מיך איצט רופן ביים נאָמען.

— קען איך אפשר וויסן, ווו אייער הויז געפינט זיך?

— אָ, ניין! — האָט די אלמנה געזאָגט מיט אַ זיפץ. — ווי קען צו אייך קומען אַזאַ געדאַנק? וועל איך דען דערלאָזן, אַז אַ פרעמדע, זאָל מיך באַזוכן, בעת דער שאָטן פון מיין מאַן שוועבט נאָך אַרום אין יעדן צימער. איך דערהער אַפילו אַרוים פון דער שטילקייט זיין קול. איך קען אייך נישט מער ווי דאַנקען פאַר אייער גוט הארץ. — האָט די אלמנה אָנגעקוקט דעם וועכטער. — און איצט גייט צוריק אויף אייער פּלאַץ, דערפילן די שליחות פון דער מלוכה.

ביים וואָרט „מלוכה“ האָט זיך דער וועכטער אויפגעכאַפּט, ווי אַ שלאַנג וואָלט אים אַ ביס געטאָן. ער האָט אין גרוים איילעניש זיך צוריק אָנגעטאָן דעם מונדיר און אַריינגעלאָפן אין תפיסה-הויף.

ער איז אַ פאַל געטאָן איבער אַ שטיק געוואַנט, דעם געהאָנגענעמס שוואַרצע תפיסה־העמד. ער האָט געוואָרפן אַ בליק צו דער תליה. די פעטליע האָט זיך געטרייסלט אויפן סלופּ אַז אויסגעהוילטע...

אַן איבערגעשראָקענער איז ער צוריקגעלאָפן צו דער אלמנה און מיטן שוואַרצן העמד אין די הענט איז ער אַ פאַל געטאָן פאַר דער פרוים פיס.

— אַ גרוים אומגליק האָט מיך געטראָפן! — האָט ער מיט אַ פאַרסאָפּעטן אָטעם אויסגערופן. — מ'האָט מיר אַראָפּגענגבעט דעם געהאָנ־

גענעם. איר קענט דאָך די געזעצן פון אונדזער לאַנד. מ'וועט מיך אויפ־הענגען אויף זיין פּלאַץ. איך בין געקומען זיך מיט אייך געזעגענען. מיר וועלן זיך שוין מער קיין מאָל נישט זען.

— לאָמיר נישט פאַרלירן קיין איין רגע! — איז די אלמנה אויפ־געשפּרונגען פון אָרט. — קומט!

— וואָס ווילט איר דען טאָן?

— גאַנץ פּשוט. אויפגראָבן מיין מאַן און אים אויפהענגען אויפן פאַראורטיילטנס אָרט.

צעטומלט און איבערגעשראָקן זיינעןביידע אַריינגעלאָפן אין בית־עולם און גענומען אויפגראָבן דאָס פרישע קבר.

— אונדזער הילול-המת האָט צו גאָרנישט גענוצט. — האָט דער וועכטער אַ פאַרצווייפלטער אויסגערופן.

— פאַרוואָס? — האָט די אלמנה געציטערט.

— ווייל דער געהאָנגענער האָט געהאַט אַ פּליך; און אייער מאַן האָט געקרויזלטע האָר...

די אלמנה איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין אָן אָפּהענטיקע, אָבער אַ נייע מחשבה האָט גלייך אויפגעבליצט אין איר מוח...

— גיכער, גיכער, מיר קענען פאַרשפּעטיקן. לאָמיר אויסצופּן די האָר פון מיין מאַנס קאָפּ. טוט אים אָן דאָס שוואַרצע העמד. איך וועל פאַרמאַכן די אויגן. טוט, וואָס איר דאַרפט.

און ווען דאָס אַלץ איז נאָך גרויסע שוועריקייטן און אימת־המוותדיקע מינוטן אויסגעפירט געוואָרן, האָט די אלמנה אַ זאָג געטאָן צום וועכטער:

— איצט בלייבט אויף אייער אָרט און היט אָפּ אייער געראַטעוועטע נפש! איך וועל מער פאַר אייך גאָרנישט קענען טאָן.

די אלמנה האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן געהאָנגענעם און האָט אַ ציטער געטאָן מיטן גאַנצן קערפּער, ווי זי וואָלט איר מאַן געזען נאָך

אַ מאָל אָפּשטאַרבן... דער וועכטער האָט דערפֿילט איר אויפֿשווידער און איז געבליבן שטיין אַ פֿאַרשטומטער, נאָכגעקוקט אירע טריט און דעם געפֿלאַטער פֿון אירע שוואַרצע שאַלן.

* * *

בעת די זון האָט זיך געניגט צום מערב־ראַנד, איז די יונגע אַלמנה אָנגעקומען צום ראַנד פֿון וועלדל, אויף דעם זעלבן אָרט, ווו זי איז אין די פֿרימאָרגן־שעהן געזעסן מיטן וועכטער.

הגם זי האָט איצט געטראָגן אַ געבלימלט זומער־קלייד און אַ ווייסן טורבאַן, האָט אין אירע אויגן זיך אָפּגעשפּיגלט אַ טרויער. דאָס געוויסן האָט זי שרעקלעך געפּייניקט. זי האָט אַפּילו אויף אַ רגע נישט געקענט פֿאַרגעסן, וואָס זי האָט ביים שיין פֿון זון־אויפֿגאַנג אָפּגעטאָן.

„האָב איך דאָס געקענט באַוויזן ? — האָט זי זיך געמאַטערט מיט דער פֿראַגע. — און צוליב וואָס האָב איך דאָס געטאָן ? וועט מיר מיין טויטער מאַן מוחל זיין דעם פֿאַרברעכן ? וועל איך קענען קוקן אויף זיין בערגל ערד ?“

זי האָט אויפֿגעהויבן אירע צערפּולע אויגן צום מערב־הימל. די זון האָט זיך שוין געהאַט געשפּאָלטן אין צווייען. דער אויבערשטער פֿייער־ריקער האַלבקרייז האָט זיך ווי געבאָדן אין אַ רויט־קופּערנער אָזערע.

פּלוצלונג האָט די אַלמנה דערהערט, ווי אויפֿן גראָזיקן באָדן האָט אַ צווייגל זיך איבערגעבראָכן. זי האָט דערהערט טריט, פֿאַר איר איז דער־שינען דער וועכטער.

— מיין האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז כ׳וועל אייך דאָ געפֿינען, ווונ־דערשיינע רעטערין מיינע !

— איך דערוואַרט אייך, וויל כ׳האָב אייך פֿאַרגעסן עפּעס צו בעטן. — האָט די אַלמנה געזאָגט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

דער וועכטער האָט אַ ציטער געטאָן.

— מיך בעטן ? איך בין גרייט אויף יעדן קרבן אַפילו...

— איך בין נאָר אַ זינדיקע פרוי און גויטיק מיך נישט אין קיין קרבנות. איך פאַרלאַנג נאָר, אַז איר זאָלט מיר קומען אָנזאָגן, ווען איר וועט מיין מאַן מקבר זיין און ווו וועט זיך זיין קבר געפינען.

— מאָרגן אָוונט. איך וועל מיר מאַכן אַ סימן. איך וועל אייך גלייך קומען אָנזאָגן. קען איך זיך צוזעצן ?

— ניין.

דער וועכטער האָט זיך אַ טרייסל געטאָן.

— איך האָב געמיינט...

— איך ווייס, וואָס איר האָט געמיינט, — האָט אים די אַלמנה איבערגעריסן. — אַז איך האָב פאַרשוועכט דעם כבוד פון מיין טויטן מאַן אוים ליבע צו אייך. ניין, גוטהאַרציקער וועכטער ! אמת, אייער רחמנות צו מיר האָט מיך זייער גערירט. איר האָט נאָך דערביי איינ־געשטעלט אייער לעבן אויך, בכדי צו קענען קומען מיך טרייסטן. אָבער דעם חילול־המת בין איך נאָר באַגאַנגען, ווייל איך האָב מיט מיין טויטן מאַנס גוף געוואָלט ראַטעווען אַ לעבעדיק, אומשולדיק נפש. איצט ווייסט איר דעם אמת. איך בעט אייך, קומט מיר מאָרגן אָוונט אָנווייזן מיין מאַנס קבר ! דערנאָך פאַרגעסט מיך, ווי איר וואָלט מיך קיין מאָל נישט געטראָפן אויף אונדזער זינדיקער ערד...

פאַריז, 19־טער סעפּטעמבער 1960

# אינהאלט:

# מיניאַטור־ביבליאָטעק

ד ע ר ש י נ ע ן :

אברהם ווייץ — „דער קאַרשנבוים“ — נאָוועלן

ב ק ר ו ב ד ע ר ש י י נ ט :

מנוחה ראַם — „ווייטער פון טראַקט“ — דערציילונג

*

אויסגאַבעס פון קולטור־קאָנגרעס אין פראַנקרייך :

1 — קינדער־אַרבעטן וועגן שלום־עליכמען

2 — צוויי דובנאָוו־קאַרטלער

3 — אַ דובנאָוו־פּאָרטרעט

4 — הונדערט יאָר דובנאָוו — ביאָגראַפיע און עסיי

